# חסידות און עטיק

תורות און טיפזיניגע געדאַנקען פון צדיקים ואנשי מעשה

וועגען מידות טובות און עטישע אויפפירונגען

פ ו ן

## הרב נפתלי האָראָוויץ



פ אַ ר ל אַ ג:

**אום פאבלישינג קאָ.**

ברוקלין, נ. י.  שנת תשכ"ה

*Dedicated to the memory of*

# *Pvt. Abraham J. Lindner*

הספר הזה מוקדש לעילוי נשמת הבחור היקר והנחמד

## אברהם יעקב הלוי לינדנער ע״ה

שנקטף בדמי ימיו ע״י הנאצים ימ״ש.

זאָלען די זכותים פון די גוטע מעשים פון זיינע גוטהאַרציגע עלטערן

מר. משה יהודה ב״ר יוסף הלוי לינדנער יחי׳

און מרת. סאָבעל הענדעל תחי׳

אים באַשיצען ווי גוטע מלאכים און זאָל דער נאָמען דערמאנט ווערען

צום גוטען לנצח נצחים.

יהא זכרו ברוך!

# מפתח

# הקדמה

אין אַן אַלט קבלה ספר ווערט געזאָגט: „האדם הוא המפתח לכל העולמות" — דער מענטש איז דער שליסעל צו אַלע וועלטען. אויסברייטערענדיג און פאַרטיפענדיג דעם געדאַנק וואָלט מען דאָס געדאַרפט פאַרשטיין, אַז דער מענטש איז אַן אַריינגאַנג צום טויער וואָס פירט אַריין אין דעם לאַבירינט פון דעם געהיימניספולען מיסטישען אוצר וואָס רופט זיך לעבען.

ער קען אָבער גלייכצייטיג אויך זיין דער אַרכיטעקט, דער גייסטיגער אינזשעניר, דער געשטאַלטער פון דעם לעבענס־מאַטעריאַל און עס מאַכען פאַר אַ דערהויבען, געלייטערט, גוט און שיין קונסט־ווערק.

דער מענטש איז שיין, ווען אַלץ איז ביי אים שיין. זיין פיזיאָנאָמיע, זיין לבוש, זיין טראַכטען, זיין פילען, זיין גייסטיגע מיסיע צו העכערקייט, צו פולקאָמענהייט.

און טאָקע דערפאַר ווייל דער מענטש באַשטייט פון אומגעהויערע עקסטרעמען און ער איז אַ „שני הפכים בנושא אחד", אַ קאָנטראָווערסיעל וועזען וואָס איז פול מיט קאָנטראַסטען און ווידערשפרוכען, און ווייל עס איז שווערער זיך צו דערגרונטעווען צו די טיפסטע געהיימנישען פון דעם מענטשליכען גייסט ווי צו די הויכען פון די הימלישע ספערן. איז דעריבער קיין וואונדער נישט פאַרוואָס דער מענטש אַלס אַזעלכער האָט באַשעפטיגט די גרעסטע מוחות און גייסטער פון אַלע דורות און צייטען.

די תורה הקדושה, רעכענענדיג זיך מיט די תכונות הנפש פון דער מענטשליכער דואַלע פערזענליכקייט און קאָנטראַסטישע אייגענשאַפטען וואָס ליגען באַהאַלטען אין דער טבע פון מענטש, האָט דעריבער תמיד באַהאַנדעלט דעם דבר והיפוכו, דעם קעגענזאַץ און ווידערשפרוך, ביי וואָס מען זאָל זיך האַלטען און קלאַמערן און פון וועלכען מען זאָל אַנטלויפען און זיך דערווייטערן כמטחוי קשת.

דער הויפט צענטער, די אַקס אַרום וועלכען עס דרייט זיך די גאַנצע עטישע לערע פון דער תורה און אירע מפרשים, איז דער „סור מרע ועשה טוב" — דאָס הייסט: „לשבר את המדות הנשחתות" — צו צעברעכען, אויסוואָרצלען, אויסשניידען און אויסרייסען דאָס שלעכטע, דאָס געמיינע,

דאָס נידעריגע און דאָס נעגאַטיווע; און גלייכצייטיג „לזקק את המדות הטובות״, — צו לייטערן, דערהייבען, פאַרפיינערן און אידעאַליזירען דאָס גוטע, דאָס שיינע, דאָס העכערע, דאָס וועזענטליכע און פּאָזיטיווע.

און נישט אומזיסט האָבען די חז״ל געזאָגט: „קשה עונשן של מידות יותר מעונשן של עריות״ (שמות רבה כ״ז) — און כאָטש דאָס וואָרט „מידות״ אין יענעם מאמר חז״ל מיינט „מאָס״ קען עס אָבער פאַרשידענאַרטיג אויסגעטייטשט ווערען, און עס קען אויך מיינען „מידות״ סתם, און אַזוי האָבען טאַקע די חכמי המוסר באַנוצט דעם דאָזיגען מאמר חז״ל.

ווען מיר מאַכען אַ שפּאַציר אין דעם געדיכטען וואַלד פון עטישע פּערל וועגען מידות טובות וואָס זיינען צעוואָרפען און צעשפּרייט אין אונזערע אייביגע קוואַלען, שטויסען מיר זיך אָן אין דער אַלעע פון חסידות.

חסידות, און ספּעציעל די עטישע שיטה פון חסידות איז אַ בשמים־פלעשל וואָס פאַרשמעקט, אַ גייסטיגער פּאַרפיום וועמענס אַראָמאַט צעגיסט זיך און פאַרבאַלזאַמט די אידישע נשמה.

דער גאָרטען פון חסידות איז אַ שטיל, רואיג און קיל ווינקעל וואו דער מידער מענטש קען באַרואיגען דאָס געוויסען פון זיין צעשפּאָלטענער נשמה, וועמענס דופטיגע ריחות פּיעשטשען און גלעטען דאָס אידישע האַרץ ווי זיידענע פליגעלעך פון פייגעלעך...

מיר האָבען זיך דעריבער באַמיט צו קלאַסיפיצירען, צוזאַמענגעמען כאָטש עפּעס פון די שענסטע בלומען פון דער גייסטיגער מחשבה וואָס חסידות האָט פאַרזייט אויף די פעלדער פון דער עטישער לערע פון אידענטום.

די געדאַנקענרייכע שפּרוכען און טייטשען, זאָגעכצער און בליצען, וועלכע ווערען געגעבען אין אָט דעם ספר אין וועלכען עס זיינען דער עיקר פאַרצייכענט ענינים מפי השמועה, פירען אַריין דעם לייענער אין דעם וואונדערבאַרען פּאַלאַץ וואו די גייסטער און וועגווייזער פון חסידות פון עטליכע דורות באַגעגענען זיך.

די חז״ל זאָגען „כנוס לצדיקים הנאה להם והנאה לעולם״ — דאָס זעלבע קען אויך געזאָגט ווערען וועגען דעם כינוס פון די דברי צדיקים, די זאַמלונג פון די ווערטער פון די צדיקים.

דער רבי ר׳ אברהם קאַליסקער זצ״ל שרייבט, אַז דער עיקר פון די דברי צדיקים איז „לזכך את המידות״. און אויך ר׳ ישראל סאַלאַנטער

זצ״ל האָט געזאָגט: עס איז גרינגער דורכצולערנען גאַנץ ש״ס ווי אויס־צוא־וואָרצלען פון זיך איין מידה רעה. די וואָס שעפּען פון די ריינע קוואַלען פון חסידות און זיינען באַקאַנט מיט איר אַנטשטייאונג און געשיכטליכע אַנטוויקלונג, ווייסען גאַנץ וואויל אַז די פּאַרצייטישע צדיקים און חסידים האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט אויסערגעוויינליכע, איבערמענטשליכע גוטע מידות און אייגענשאַפטען, זיינען געווען ווייט פון עגאָאיסטישע באַגערן און חפציות עולם הזה, האָבען חס געהאַט אויף יענעמס האָב און גוטס, כבוד הבריות איז ביי זיי געווען הייליג און טייער. זיי האָבען זיך גע־האַלטען שפל׳דיג און נידעריג. געפּייניגט זייערע גופים, זיך געשלעפּט און געווען נע ונד, געטראָגען בעטלערישע קליידער, געליטען נויט און אָרימקייט, נישט געלאָזט נעכטיגען קיין געלט ביי זיך אין הויז. זייערע היימען זיינען געווען אומבאַצאָלטע גאַסט־הייזער פאַר מידע וואַנדערער, אַליין אויסגעבעט אַ געלעגער פאַר אורחים און געוואַשען די קעפּלעך פון די אידישע קינדער...

יעדער חסיד האָט זיך פאַרקוקט אויף דעם רבי׳ן, געשלונגען מיט דורשט יעדעס וואָרט וואָס האָט געשטראָמט פון זיינע ליפּען, באַטראַכט יעדען ריר פון זיינע הענט, געפאַרשט יעדע באַוועגונג, יעדען בויג פון זיין גוף, יעדען צוק פון זיין אויג, געלערנט נישט נאָר פון זיין הנהגה נאָר אויך פון זיין התנהגות (אפילו ווי אַזוי ער פאַרבינדט די שיך...)

די חסידישע לערע איז דעריבער אַ קוואַל פון אַ מעכטיגער עטישער לעבענס פילאָזאָפיע און לעבענס ווייזהייט, אַ מין עטישער שולחן ערוך בזעיר אנפּין, אַ וועג־ווייזער אין מיניאַטור, וואָס פאָדערט פון מענטשען ריינקייט פון מחשבה און מעשים טובים, צו אַרבעטען אויף זיך אַליין, אַרויסצוברענגען אַלע גוטע פונקען וואָס טליען אין די באַהאַלטע שפּאַלטען פון זיין נשמה, פאַרוואַנדלען די „דברים שבלב״ אין „דברים של מעשים״. גוטער אומגאַנג מיט אַלץ און אַלעמען, שטרעבונג צו מאַכען דאָס לעבען פון דעם מיט־מענטשען אַביסעל לייכטער און גרינגער, טאָלעראַנץ, סימ־פּאַטיע, האַרציגקייט, גוטע באַנעמונג און שיינע זיטען, צו פאַרפיינערן, פּאָלירען און שלייפען דעם מענטשליכען כאַראַקטער און מאַכען דעם מענטש פאַר אַ גייסטיגען אָדלער, וואָס זאָל מיט זיין פליי־קראַפט דערגרייכען די העכסטע געטליכע השגות און אידעאַלסטע מענטשליכע שלימות...

דער מענטש איז פול ווי אַ מילגרוים מיט אינערליכע ראַנגלענישען און קאָנפליקטען. אויף דעם וועג צו ג־ט און לעבען שטויסט ער זיך

אָן אין פאַרשידענע שטרויכלונגען, אין אבני נגף, ווידערשפּרוכען און ווידעראַנאַנדען. די אַזויגערופענע „ציוויליזאַציע" ליגט אַ צעשמעטערטע, די הערצער זיינען אויסגעליידיגט, אָנגעפילט מיט האַס און גיפט, מען זעט נאָר דאָס שלעכטע ביי יענעם, ווי דער ראַ"ש ז"ל שרייבט: „הבריות דרכם לגלות חסרונות הזולת ולכסות המעלות".

אַלע שבע חכמות, די פאַרוויקעלסטע פילאָזאָפיעס און שענסטע פּאָעטישע עמאָציעס, די גרעסטע מאַטעמאַטישע באַווייזען, די קריטישע פאָרמולעס און „לאָגישע" אויפקלערונגען, האָבען נישט באַוויזען אויסצובעסערן דעם מענטש אַז ער זאָל לעבען אַ מענטשליך עטיש לעבען. נאָר די תורה אַליין מיט דער באַלייכטונג פון דעם חסידישען געדאַנק און מחשבה איז אימשטאַנד צו מאַכען פון דעם מענטש אַ „מענטש"...

גרויסע מחשבות זיינען גרויס נישט נאָר פאַר דעם צייטליכען כאַראַקטער, נאָר שפּאַנען איבער דורות און זיינען גילטיג פאַר אַלע פאַזען און פּראָבלעמען.

די חסידישע לערע האָט אין זיך אַ השקפת עולם, אַ וועלט־אַנשויאונג וואָס איז מחבק זרועות עולם. אַ חסידישער זאָג איז נישט קיין פסוק אין דער תורה, נאָר אַ תורה אין אַ פסוק... אַ חסידישער „דערהער" איז נישט בלויז אַ שיינער קלאַנג וואָס איז שיין פאַר'ן עסטעטישען געהער, נאָר אַ פעולה, אַ טאַט, דורכגעלעבט און דורכגעפירט דורך דעם זאָגער מיט אַלע וויברירונגען און צאַפּלענישען פון דער נשמה.

דער לובלינער רב זצ"ל האָט געטייטשט: „הוא היה — אומר", דאָס וואָס ער אַליין איז געווען, דאָס האָט ער געזאָגט. דער זאָגער מיט דעם געזאָגטען זיינען נישט געווען קיין צוויי קעגענזאַצען, נאָר איין סימפאָנישע גאַנצקייט...

דאָס ספר וועלכעס איר האַלט איצט אין האַנט איז דעריבער געשריבען געוואָרען אין אידיש, אין מאַמע־לשון, ווייל מיר האָבען געוואָלט איבערגעבען די דברי צדיקים אַלס „דברים כהוויתם", כמעט אַזוי ווי זיי זיינען געזאָגט און געשריבען געוואָרען, דורך די גדולי החסידות, אָן שום פירושים און קאָמענטאַרען, אָן פליטערלעך און באַפּוצונגען, בלי כחל, בלי שרק, בלי פירכוס, און דאָך — ויעלת חן...

די פאַרצייטישע צדיקים האָבען אויך באַטראַכט די אידישע שפּראַך אַלס אַ וויכטיגען יסוד פאַר דעם קיום און פרעזערווירונג פון אידישקייט.

און כדי דאָס צו אילוסטרירען וועלען מיר דאָ איבערגעבען אַן אינטערע־סאַנטע געשיכטע וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פּאָזיטיווער באַציאונג זייערע צו דעם לשון הקדושים די שפּראַך אויף וועלכער עס האָבען גע־לערנט, גערעדט און געלעבט, געהאָפט און געליטען, געשטרעבט און גע־חלומ'ט, געאַרבעט און געאָטעמט די הייליגע מאַרטירער פון דעם לעצטען חורבן.

ווען דער גאון רבי ברוך לייפניקער, דער בעל „ברוך טעם" זצ"ל, דער שווער פון צאַנזער רב זצ"ל איז געוואָרען רב אין לייפניק, האָבען אים באַזוכט אַ פּאָר חשוב'ע בעלי בתים ביי אים אין דער היים. ער האָט זיי פיין אויפגענומען און באַפוילען דעם משמש ער זאָל אים דער־לאַנגען דעם ליולקע־ציבעך. האָט איינער פון די אַנוועזענדע אים אויפ־מערקזאַם געמאַכט און באַמערקט אַז עס איז שענער און פּאַסיגער פאַר'ן אויבער־ראַבינער פון מעהרן צו זאָגען „פייף־ראָר" אַנשטאָט ליולקע־ציבעך. דערהערענדיג די ווערטער, האָט דער רב זיך אַ שטעל געגעבען מיט גרויס אויפרעגונג און אַ געשריי געטאָן: אַ כפרה זאָל זיין דאָס גאַנצע לייפניקער רבנות, אויב כ'זאָל דאַרפען משנה זיין מיט איין וואָרט פון מיין לשון וואָס כ'האָב גערעדט אין זאַוויכוואָסט. פּיווויש — האָט ער אַ זאָג געטאָן צום משמש — דערלאַנג שוין אַהער דעם „ליולקע ציבעך"!...

און מחמת דער צוועק פון אונזער זאַמלונג איז צו באַרייכערן דאָס וויסען וועגען מידות טובות, איז דעריבער וויכטיג צו באַטאָנען דעם אויבען דערמאַנטען עפּיזאָד און אויך צו ווייזען אַז אונזערע גדולים האָבען געהאַלטען די אידישע שפּראַך אַלס מידה טובה...

אויב אונזערע זיידעס, די גדולי ומצוקי ארץ האָבען מיט זייער צדקות, תפלות, כוונות און יחודים באַוויזען וואונדער און פועל ישועות געווען, טאָ לאָמיר כאָטש מיט אונזער אָרויסברענגען זייערע מידות טובות העלפען דערשטיקען די שלעכטע אייגענשאַפטען, ליב האָבען אונזערע מיט־מענטשען, וואָרים עס איז בעסער נכשל צו ווערען אין אהבת חנם, איידער אין שנאת חנם... (ליידער איז שנאת חנם כמעט די איינציגע זאַך וואָס איז אונז פאַרבליבען פון זינט דעם חורבן בית המקדש...)

לאָמיר מקיים זיין די אויסטייטשונג פון דעם מאמר חז"ל „דעלך סני לחברך" — דאָס וואָס דיר געפעלט נישט ביי דיין חבר — לא תעביד" — זאָלסטו אַליין נישט טאָן (שבת קנ"ב). און פאַרווירקליכען אין לעבען

דעם חסידישען זאָג: ווען דו טראַכסט וועגען דיינע חברים, טראַכט וועגען זיי דאָס בעסטע, און ווען דו טראַכסט וועגען זיך, נעם אָן די מיינונג פון דיינע חברים וועגען דיר...

און לאָמיר האָפען אַז אונזער ספר וועט העלפען פאַרשפרייטען גוטע מידות ביי אידען, און עס וועט פאַרווירקליכט ווערען „סור מרע ועשה טוב". אויב מיר וועלען מצליח זיין און זען גוטע פירות „והיה זה שכרי".

הרב נפתלי האָראָוויץ

ברוקלין, תשכ"ה.



# די שיטה פון חסידות

וואָס האָט דער בעש"ט מחדש געווען? וואָס פאַר אַ נייע אידעען האָט חסידות — דאָס גייסטיגע קינד פון דעם בעש"ט — ארייגעבערענגט אינם אידישען פאָלקס־אוצר? פאַוואָס איז חסידות געוואָרען די ליבלינג־באַוועגונג ביי גרויסע טיילען פון אידישען פאָלק און פון וואַנען נעמט זיך דער גרויסער מאַגנעטישער איינפלוס וואָס די חסידות־באַוועגונג האָט ביז צום היינטיגען טאָג אין אַלע קרייזען וואו עס איז פאַראַן אַן עכט שפרודעלדיג, צאַפּלעדיג אידיש לעבען?

געפינען מיר דען נישט אין דער גמרא, אין דער שפּעטערער פאַר־צווייגטער רבנישער ליטעראַטור פיל מחשבות, דבורים, מעשיות, משלים, התנהגות'ן און מנהגים ווי די פון חסידות? זיינען די אַלע מקובלים ווי ר' משה קורדובירו זצ"ל, דער אר"י הקדוש, ר' חיים וויטאל זצ"ל, דער של"ה הקדוש און צענדליגער אַנדערע גייסטיגע ריזען וואָס האָבען געלעבט פאַרן בעש"ט נישט געווען קיין חסידים?

נאָר וואָס־זשע דען? — חסידים און דער באַגריף פון חסידות האָבען עקזיסטירט ביי אידען נאָך פון פאַרצייטענס, נאָר דער בעש"ט הקדוש האָט געשאַפען אַ שיטה, וועלכע האָט דערגאַנצט און פאַרפאָלקאָמט די פריערדיגע שיטות און דרכים.

און געטאָן האָט ער דאָס מיט דעם „נופך משלו" וואָס ער האָט צוגע־געבען מיט דעם כח פון זיין עצם עקזיסטענץ, מיט דעם כח פון זיין טיפער און גלייכצייטיק איינפאַכער הסברה, מיט זיין טיף רירענדע מענטשליכקייט און הימלישען אָדלער־שוואונג.

ביז צו דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון חסידות אַלס אַן אידעע און שיטה איז ביי די אַלטע, פאַרצייטישע חסידים געווען אַן אָנגענומענע מיי־נונג אַז די גאַנצע וועלט איז צוזאַמענגעשטעלט פון צוויי הפכים, צוויי קאָנ־טראַסטישע כוחות און קעגענזעצליכע אייגענשאַפטען, פון גוטס און שלעכטס, איידעלקייט און גראָבקייט, טומאה און קדושה, גשמיות און רוחניות.

דאָס גוטע, דאָס ריינע, דאָס דערהאָבענע און דאָס גייסטיגע ציען זייער יניקה און שעפען זייער חיות פון דער קדושה, פון דער נשמה, דאַגעגען

אָבער אַלע מענטשליכע, חיה׳שע און ערדישע תאוות קומען פון גוף און שעפּען זייער יניקה און חיות פון דער טומאה, די סיטרא אחרא —

דעריבער זיינען יענע אַלטע חסידים געקומען צום באַשלוס, אַז די הויפּט־אַרבעט פון אַן אמת׳ן חסיד דאַרף קודם כל באַשטיין אין דער עובדא מכניע צו זיין, אונטערטעניג צו מאַכען. משעבד זיין און אונטערדריקען אַלע קערפּערליכע, חומריות׳דיגע כוחות, צו דער נשמה. דאָס הייסט, אַז אין אַלע טאַטען און טואונגען זאָל דער גוף זיין אַ קנעכט צו דער נשמה.

זיי זיינען דעריבער געקומען צו דער הנחה, אַז וואָס מער דער מענש ציט זיך צוריק פון עולם־הזה׳דיגע תענוגים, וואָס מער ער פאַסט און פּלאָגט זיך אַלץ מער דערווייטערט ער זיך פון דער טומאה און דערנענטערט זיך צו דער קדושה. לויט דער דאָזיגער מיינונג, זיינען דער גוף און די נשמה, דאָס רוחניות און גשמיות, די קדושה און להבדיל די טומאה, צוויי פאַרשידענע וועלטען, וואָס האַלטען כסדר מלחמה אַן אויפהער. און דער זינדיגער מענש וועלכער איז דער אָביעקט אין מלחמה־ציל פוןביידע געגענזייטיגע כוחות, מוז זיך אַנטשליסן צו גיין רעכטס אָדער לינקס.

קומט צו גיין דער שעפער פון חסידות, דער בעש״ט זצ״ל, און מאַכט גאָר אַן אַנדערע הנחה.

אַזוי ווי השי״ת איז דאָך „מלא כל הארץ כבודו״ — פילט אָן די גאַנצע וועלט און ווי די מקובלים דריקען זיך אויס: „לית אתר פנוי מניה״ — עס איז ניט פאַראַן קיין פּלאַץ אין דער וועלט וואו השי״ת זאָל דאָרט ניט זיין.

דערפון איז בפירוש צו זען, אַז דער געטליכער כח, דאָס חיות פון דער קדושה איז פאַראַן אין אַלע מאַטעריעלע גשמיות׳דיגע ענינים. די טומאה וואָלט איבערהויפּט נישט געקענט האָבען קיין קיום אפילו איין איינציגע רגע ווען די געטליכע קדושה זאָל נישט אריינגעבען דאָרט קיין חיות.

איז אַנדערע ווערטער קען עס הייסען, אַז די גאַנצע מאַטעריעלע וועלט און אַלע פאַרגעניגענס פון גוף זיינען לגמרי ניט קיין טומאה און קיין סיטרא אחרא. זיי זיינען נאָר „כלים״, אויפנאַם־אָביעקטען פון דער קדושה.

עס ווענדעט זיך נאָר, ווי אַזוי און אויף וואָס פאַר אַ אופן מען געניסט די תענוגים.

מען קען עסען און עסען, הנאה האָבען און הנאה האָבען, אָבער איין עסען צום אַנדערען, און איין הנאה צום אַנדערען זאָל לגמרי נישט גלייך זיין.

איינער פילט אין דער הנאה דאָס געטליכע, דאָס הויכע, דאָס חיות, די נצוצות, — פונקען פון קדושה, בעת דער צווייטער פילט אין דער זעלבער

הנאה דאָס נידעריגע, דאָס ערדיש־געמיינע, דאָס פסולת׳דיגע און סיטרא אחרא׳דיגע.

אָבער ווי אַזוי איז מעגלעך, אַז אַזעלכע צוויי שונאים, דאָס גוטע מיט׳ן שלעכטען, דאָס רוחניות׳דיגע מיט׳ן גשמיותדיגען זאָל קענען פרידלעך וואוי־נען צוזאַמען? וואָס זאָל דער מענש, ווען מענס הארץ איז אַ שלאַכט־פעלד און וואָס ווערט באַווירקט פון אַזעלכע צוויי אומגעהויער פיינטליכע קרעפטען, וואָס זאָל ער דעמאָלט טאָן און ווי אַזוי זאָל ער רעאַגירען?

דער פאַרלאַנג און באַגער פון גוף איז דאָך דער פולסטער היפוך אין קאָנטראַסט פון דעם פאַרלאַנג און באַגער פון דער נשמה! האָבען זיי, די פריערדיגע חסידים, די פאָרגייער פון בעש״ט, אויסגעפונען דעם דרך פון סיגופים און פייניגונגען. אַז דער קערפער זאָל זיך פייניגען און אויסמאַטערן דורך ווייניג עסען, ווייניג שלאָפען, דורך ווייניג געניסען פון די חפציות עולם הזה: דאָס נהנה זיין פון דער וועלט — האָבען זיי געלערענט — דאַרף זיין אויף אַזוי פיל אויף וויפיל עס איז נויטיג זיך צו דערהאַלטען און קענען עקזיסטירען, נאָר אויף אַזוי פיל אָן וועלכען דער גוף קען זיך נישט באַגיין.

אַזוי אַרום, האָבען זיי געדענקט — וועט דער מענש זיין אימשטאַנד אָפּצושוואַכען, צו דערשטיקען דעם כח הטומאה און גובר זיין, איבערגעוועל־טיגען די סטרא אחרא. דער בעש״ט אָבער האָט געהאַט אַן אַנדערען צוגאַנג צום פּראָבלעם פון טוב ורע.

דער בעש״ט האָט געלערענט: „סור מרע ועשה — טוב״, אַז דער פירוש דערפון איז, זאָלסט פון דעם שלעכטס מאַכען — גוטס.

דער בעש״ט האָט געלערנט, אַז דאָס חיות פון גאַנצען עולם התחתון און אַלץ וואָס באַוועגט זיך אויף דער ערד ציט זיין יניקה פון עולם העליון און דאָס איז דער סוד פונ׳ם פסוק „ואתה מחיה את כולם.״ אין יעדען וויג־קעלע, וואו מען גיט זיך נאָר אַ ריר און אַ קער איז אויסגעפילט מיט געט־ליכקייט.

אין אַלע מעשים, אין אַלע פּאַסירונגען און אפילו אין גאָר פּראָסטע, איינפאַכע געשעענישען וואָס עס קען זיך דוכטען אַז ג־ט קוקט אויף זיי גאָר־נישט, כביכול, אַז זיי זיינען גאָרנישט ווערט אַז ג־ט זאָל אָנווענדען אויף זיי זיין השגחה, דאָך נידערט די שכינה אַראָפּ און באַלעבט אַלץ און אַלעמען.

אַלע עלעמענטען פון דער בריאה, דומם, צומח, חי, מדבר, סיי גוטע און שלעכטע סיי ליכט און שאָטען, טאָג און נאַכט, ליבשאַפט און האַס, מיס־

טעריע און גייסט, ווערען אָנגעטרונקען פון דעם קוואַל פון דעם מלוא כל הארץ כבוד'יגען געטליכען ווילען.

און זאָל מען זיך ניט וואונדערען און פרעגען: ווי אַזוי איז דאָס במציאות, אַז דער געטליכער רצון זאָל קולט זיין אין זיך אַזעלכע קאָנטראַסטען ווי גוטס און שלעכט? ווייל מען דאַרף אָננעמען אַז קיין דורכאויס אַבסאָלוטע שלעכטס איז לגמרי נישט פאַראַן און אַז אפילו פון אַ לכאורה'דיג, שיינבאַר שלעכטס קען אַרויסשפּראָצען אַ פולשטענדיג גוטע זאַך.

דאָס זעלבע דאַרף אויך זיין ביי מענשליכע מידות אוןליידענשאַפטען, וועלכע קענען באַנוצט ווערען צום גוטען און ווערען שטאַפּלען צו הייליגע צוועקן; און ממילא אויך אַלץ מקבל באהבה זיין. און דאָס איז דער זין פון „שויתי ה' לנגדי תמיד". דער אויסדרוק „שויתי" נעמט זיך פון לשון „השתוות", דאָס הייסט זיין גלייך. (ער דאַרף גלייכען...) איז מען אים מבזה, דאַרף ער דאָס פאַר ליב נעמען, פּונקט אַזוי ווי מען וואָלט אים געלויבט. איז אים ביטער און אָנגעזאָלצען אויפן האַרצען דאַרף ער אַלץ נישט מתרעם זיין. פּונקט אזוי ווי ער וואָלט געווען דער באַזיצער פון בלויז גוטס און זיסקייט.

דער מענש דאַרף שטענדיג זיך אַרומטראָגען מיט דער מחשבה אַז דער אייגענער און זעלבער ג־ט וואָס האָט באַשאַפען די זיסע פרוכטען האָט אויך באַשאַפען די ביטערע בלעטער, דעם דערפאַלג און דעם דורכפאַל, די דער־הויבונג און די דערנידערונג, די עליות און די ירידות. אַלץ פירט צום שורש און פּונקט ווי די ערד ווערט אָנגעטרונקען פון רעגען, אַזוי ווערט אַלץ וואָס געשעט מיט דעם מענטש אָנגעטרונקען פון דעם אין־סוף.

צוליב דעם זעלבען טעם איז זייער נישט גוט, אַז דער מענש זאָל זיין פאַרטרויערט און פאַר'מרה־שחורה'ט, ווייל דאָס איז דאָך דער עצם ציל פונם יצר־הרע אַריינצוברענגען אינם מענטש דעם וואָרעם פון פחד און מורא, אַז ער איז קיינמאָל נישט יוצא. און אָט דאָס שטענדיגע שולדיקייט־געפיל וואַרפט אים אַריין אין דעם צושטאַנד פון עצבות און עס איז ניט פאַראַן קיין מער צעשטערנדיגער כח פאַר עבודת הבורא ווי דער באַציל פון „עצבות".

די הויפּט־דעפיניציע פון דעם בעש"ט'ס שיטה קען מען קלאָר זען פון דעם פאָלגענדען זאָג: — איך בין געקומען אויף דעם עולם כדי צו וויזען דעם מענש אַ דרך דורך וועלכען ער זאָל אימשטאַנד זיין מקיים צו זיין די דריי וויכטיגע יסודות:

אהבת ה׳, אהבת התורה און אהבת ישראל.

הגם אָט די דריי אידישקייט־יסודות זיינען שוין לאַנג־נאָך פאַר דעם בעש״ט פעסטגעשטעלט געוואָרען דורך גרויסע גייסטיגע ריזען פון אידענטום, דאָך איז דער חידוש פון זיין שיטה באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט גאָר־נישט מחדש געווען, נאָר ער האָט די דריי „אהבה׳ס״ פאַרטיפט, פאַרברייטערט, פאַראיידעלט און אַריינגעהויכט אין זיי דעם אָטעם פון איין גרויסע נשמה און זיי צוגענגלעך געמאַכט פאַר די מוחות און הערצער פון די גרויסע אידישע פאָלקס־מאַסען. דער חידוש איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט די דריי וויכטיגע באַגריפען נישט נאָר אויסגעטייטשט און באַלויכטען מיט׳ן רעפלעקטאָר פון זיין אַנאַליטישען שכל, נאָר ער האָט זיי געלעבט, געגליט און געפיבערט מיט זיי.

געדאַנקען און באַגריפען וואָס זיינען אַבסטראַקט, אין דער בחינה פון „נשמות דאזלין ערטלאין״ האָט ער פאַרמענטשליכט. דעם הימעל האָט ער אַרונטערגעצויגען און אָנגעטאָן אין אַ טאָגטעגליכען לבוש און אַזוי אַרום גע־מאַכט אַן ערד־ציטעריניש אין טויזענדער אידישע הערצער. מיט זיין עצם עקזיסטענץ, מיט זיין איידעלען חן, מיט זיין ליריש געפיל, מיט זיין טיפער הבנה און דורכדרינגענדע חכמת־הנפש, מיט זיין היילענדע מאַגנעטישע צויי־בער־קראַפט איז ער געוואָרען דער „צנור השופע אור״, מגלה געווען דעם „אור הגנוז״ פון די פאַרדעקטע דריי אהבה׳ס, און זיי געמאַכט פאַר דעם איי־גענטום פאַר די מיטצייטלער פון זיין דור און פאַר די שפּעטערע דורות. דער בעש״ט האָט אויפגעהויבען דאָס לערנען תורה אַלס די העכסטע מדרגה פון אידישער השתלמות און באַטראַכט דאָס לערנען תורה אלס דעם צפור־הנפש, דעם וואָרצעל אין קדשי קדשים פון דער אידישער נשמה.

די 22 אותיות פון דער תורה זיינען „צרופי תורה״, וועלכע נעמען אַרום אַלץ וואָס עס קען נאָר געזאָגט און געטראַכט ווערען אין די מוחות און הערצער פון אַלע דורות אין אַלע צייטען.

די גרעסטע פרייד, די העכסטע עקזאַלטאַציע פון דעם מענטשליכען האַרץ קען נאָר קומען דורך דעם ריכטיגען צירוף פון די הייליגע אותיות התורה, ווי דער זוהר הקדוש זאָגט זייער גרייפענדיג: „נגילה ונשמחה בך״; די עכטע, אמת׳ע אונמיטעלבאַרע פרייד קען זיין נאָר דורך די כב אותיות.

דער בעש״ט הקדוש האָט דעריבער נישט געהאַלטען פון צופיל פילאָ־זאָפירען און זיך ניט אַריינגעלאָזט אין קיין גריבלעניש פון מעטאַפיזישע פאָרמולעס, נאָר געטייטשט דעם מאמר חז״ל „הלוואי אותי עזבו ותורתי שמרו״.

הלוואי וואָלט מען זיך נישט אַזוי פיל געקימערט און געגריבעלט וועגן דעם „אותי״, וועגן די עצם געטלעכקייט, נאָר ווען מען וואָלט געלערנט די תורה מיט די אמת׳ע הבנה און ליכטיקייט, וואָלט שוין דאָס ממילא געפירט צו דער העכסטער מדרגה פון ג־ט דערקענטעניש.

דער גרעסטער, טיפסטער, אמיינסטען חקירה׳דיגסטער געדאַנק איז, דאַכט זיך, דער איינפאַך „פילאָזאָפישער״ חסידישער טייטש אויף דעם פסוק אין תהלים „ולגדולתו — אין חקר״, צום אייבערשטענס גרויסקייט קען מען נישט צוקומען מיט קיין חקירה־מיטלען און פאַרשערישע קאַטעגאָריעס. און דער בעש״ט האָט געהאַלטען אַז אויב דער מענש הויבט אָן צו האָבען ספיקות איז אַ באַווייז אַז השי״ת וואוינט נישט ביי אים, ווייל ביי השי״ת שטייט „וודאי שמו כן תהילתו״. און דאָס וואָס אַ טייל חוקרים האָבען געשטיצט זייער דראַנג צו ג־ט־פאָרשונג אויף דעם פסוק „בכל דרכיך דעהו״ האָט דער בעש״ט גע־טייטשט „דעהו״ פון לשון „חבור״ — באַהעפטונג. (אזוי ווי עס שטייט: „וידע אדם את חוה״), דאָס הייסט מען דאַרף זיך מתדבק זיין אין בורא עולם און דאָס קען געטאָן ווערען נאָר דורך די אורות וואָס עס שטראַלען אַרויס פון די אותיות פון די תורה וועלכע זיינען — לויט דעם בעש״ט — קלאַנגען וואָס גייען אַרויס פון דעם אייבערשטענס מויל צו פירען די וועלט, און ווי עס ערקלערען די מקובלים, זיינען די אותיות זיך מצטרף צום גוטען און ח״ו, צום שלעכטען, און ווען דער צדיק פאַרשטייט די חכמה פון די „צרופי אותיות״ קען ער אַלץ פאַרוואַנדלען צום גוטען; אַזוי ווי פון דעם וואָרט „מת״ קען ווערען „תם״ און פון „נגע — עונג״ . . .

ריידענדיג וועגען דעם דריטען יסוד, וועגען אהבת ישראל, וואָס דער בעל שם־טוב הקדוש האָט אַוועקגעשטעלט מוז מען קומען צום באַשלוס אַז קיינער ווי ער האָט נישט אַזוי טיף באַגריפען דעם געבאָט פון דעם פסוק פון „ואהבת לרעך כמוך״, און נישאַ אומזיסט האָט צווישען חסידים געלעבט אַזאַ שטאַרק ענטוזיאַסטיש געפיל פון געגענזייטיגער ליבשאַפט; דער בעש״ט האָט מיט זיין באַצויבערענדע מיסטישע קראַפט ממש עלעקטריזירט און מיטגע־ריסען טויזענדער מענשען און אַריינגעאָטעמט אין זיי דעם באַלזאַם פון אהבת־ישראל.

דער בעש״ט האָט געטייטשט: „ואהבת לרעך כמוך״ — פונקט אַזוי ווי דו האָסט דיך אַליין ליב און דו זוכסט צו באַפרידיגען דיין אייגענעם „איך״ כאָטש דו ווייסט ביי דיר אין האַרצען אַז דו ביזט נישט ריין פון פאַרשידענע חסרונות, פגימות און פעלערען, אַזוי זאָלסט דו אויך דעם אַנדערען ליב האָבען

נישט געקוקט אויף זיינע פעלערען און שאָטען־זייטען. וויסענדיג פון דעם פסי־כאָלאָגישען אמת אַז עס ליגט אין דער מענטשליכער נאַטור נאָר צו זען זיינע אייגענע מעלות און טוגענדען און ביי יענעם נאָר די חסרונות און ווי דער הרא"ש ז"ל דריקט זיך אויס: „הבריות דרכם לגלות חסרונות הזולת ולכסות המעלות", האָט דער בעש"ט מיט זיין ווירקענדען, השפעה'פולען מסירת־נפש'־דיגען כח ממש אַריינגעגאָסען אַ טל של תחי' אין די פאַרשמאַכטע פאַר־אומערטע הערצער פון טויזענטער.

דער בעש"ט זאָגט: די מצוה פון אהבת ישראל איז חל אויףביידע טיילען פון אידישען פאָלק, סיי אויף די פשוט'ע אידען און סיי אויף די לומדים. די איינפאַכע, פראָסטע אידען איז אַ מצוה ליב צו האָבען, ווייל זיי האָבען דאָך נישט געלערענט קיין תורה און דאָך זיינען זיי טיפע מאמינים און קלאַ־מערען זיך אין די מצות השם מיט גאַנצע הערצער.

און ווידער, די לומדים איז אַ מצוה ליב צו האָבען, ווייל זיי זיינען דאָך אָנגעזאַפּט מיט תורה־וויסען און די גמרא זאָגט דאָך: „כל הגדול מחברו יצרו גדול הימנו", זיינען די לומדים די וואָס דאַרפען שטענדיג פירען אַ העלדישען קאַמף קעגען די פלאַמפייערדיגע שלעכטע ליידענשאַפטען, און דאָך גייען זיי תמיד אַרויס אַלס העלדישע זיגער, זיינען זיי דערפאַר נאָך מער באַ־רעכטיגט אַז מען זאָל זיי ליב האָבען. זיין מענשען־ליבשאַפט איז געווען אַזוי גרעניצלאָז אַז ער האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף אַפילו מתפלל זיין אַז די שונאים זאָל קיין שלעכטס נישט פּאַסירען און אָפטמאָל קומט אַראָפּ אַ נשמה אויף דעם עולם און באַזעצט זיך אין אַ קערפער אַ זיבעציג־אכציג יאָר כדי עמיצען אַ טובה צו טאָן.

דער בעש"ט איז געווען געבענשט מיט דער התמזגות פון אַ גאונישען מח וואָס האָט טיף אַנאַליטיש צעגלידערט יעדער ניואַנס פון מענטשליכען פי־לען און דענקען און פון אַ האַרץ אין וועלכען עס האָט געגעסטעט אַ גרעניצ־לאָזע ליבשאַפט צו דעם מין מענש. דער באַגרינדער פון חסידות האָט אַריינ־געטראָגען אין דעם שאַצקאַמער פון חסידות אַ וועלט מיט טיפזיניגע, תמצית'־דיגע געדאַנקען פון ידיעת העולם און ידיעת האדם, פערלדיגע רעיונות וואָס זיינען געווען לויטער ווי גינגאָלד, צו וועלכע עס וואָלט זיך געפאָדערט אַ גאַנצער שטאָב פון פאָרשער און נשמה־קענער, תורה מפרשים און מחשבה־צינדער. זיינע אינהאַלטסרייכע תורה־טייטשן, זיינע קורצע פילאָזאָפישע גע־דאַנקען און אַפאָריזמען אַנטהאַלטען אין זיך אָן אַ שיעור בליציגקייט.

אונזער הייגטיגער דור יתום, וואָס איז אַזוי אויסגעליידיגט, וואָלט גע־

קענט אַ סך לערנען פון תורת הבעש״ט זצ״ל, לערנען נישט פון די שריפטען פון אַ טייל פון די שרייבער וועלכע ליידען אויף די „חסידישע קראַנקהייט״, ביי וועמען חסידות איז אַ ליטעראַרישע מאָדע, אַן עקזאָטישע צאַצקע; נישט ביי די וועלכע האָבען אַרויסגעריסען די נשמה פון חסידות און אויף איר אָרט אַריינגעשטוקעוועט ווילד רוי־פלייש.

אויף די אידישע טישען דאַרפען זיך געפינען די שטייגער ספרים פון אַ תולדות, אַ נועם אלימלך, אַ תניא, אַ ישמח משה, אַ בני יששכר, אַ זרע קודש, אַ לקוטי מהר״ן, אַ מאור ושמש וכדומה. איבער די אידישע הייזער דאַרף צוריק דורכקלינגען די מוזיק פון חסידיש געזאַנג, אידישע הענד דאַרפען זיך צוריק דורכפלעכטען אין דעם קאַראַהאָד פון אַן ענטוזיאַסטישען חסידישען טאַנץ, און דער עיקר — די אידישע מאַניערען, טואונגען און האַנד־לונגען דאַרפען געלייטערט ווערען מיט די מידות טובות, מיט וועלכע דער בעש״ט און די גדולי החסידות האָבען זיך אויסגעצייכענט.

די פייערונגען פון דער הסתלקות פון בעש״ט דאַרפען פאַר אונז צוריק אויפלעבען די תורת הבעש״ט, ווייל „מי שחי כהוגן בשביל דורו, חי בשביל כל הדורות״.



# אהבת ישראל ומידות טובות באספקלריא של החסידות

## דברי עיון ומחשבה

מדי דברי בנושא אהבת ישראל ומידות, לא אמנע להעיר את דברי החנוך: (מצוה רנ"ח), „התורה הקפידה על המידות בכל שהן כלומר, שאע"פ שבשאר גזלות לא הקפידה התורה אלא בפרוטה בענין המידות בכל שהו".

מהיוצא מדבריו יכולים להסיק אם התורה החמירה במשפט המידות הגשמיות, על אחת כמה וכמה במידות המסריות. עלינו להזהר לבלתי עוות משפטן וחלילה לפגום בהן, כי תחת אשר במידות החומר נוגע בממון רעהו, הנה במדות הנפשיות פוגם את נשמתו לבדה בעצם ומפסיד גם את גופו ומזיק לחברו בין בגוף ובין בממון. ועד כמה נתן נפשנו עליהן לנצח את הרעות ולהשריש את הטובות למען נקנה בזה חיי עולם וחיי שעה יחד.

לכאורה יכולים לשאול מה איפוא חידשה החסידות? הלא בכל ספרי ראשונים ואחרונים נמצאים אותם הרעיונות המוסריים? ברם, אם נתעמק מעט בהשקפת עולמה של החסידות נראה ש„הנופך משלה" הוא בזה שהדגישה והטעימה ביתר עוז וביתר שאת את הלפנים משורת הדין. השתלמות האדם, שיפור מעשיו ודרכי התפתחותו להגיע לרום פסגת התעלות צלם אלקים שבו, הם הדברים הכי עיקריים ויסודיים בהשקפת עולמה של חכמי התורה והיהדות הצרופה.

בשערי קדושה ח"א שער ב' מאת רבי חיים וויטאל כתוב: המידות הן הכנות עיקריות אל תרי"ג מצוות, בקיומן או בביטולן. ולפיכך ענין המידות הרעות קשים מן העבירות עצמן מאד מאד וצריך להזהר ממידות רעות יותר מן קיום מצוות עשה ולא תעשה.

החסידות המיוסדת בעיקר לשיפור המידות ותיקון הנשמה, יצרה תורה שלימה ומקיפה של רעיונות נעלים ומימוש אדיאלים בחיים היום יומיים שעל ידם יכול האדם לעלות ממדריגה למדריגה בסולם המעלות.

תורת היהדות בכלל ותורת החסידות בפרט היא בכל עצומה ומהותה, תורת החיים של האדם עלי אדמות, שמזקקת אותו, משכללת ומצרפת זיקוק אחר זיקוק, צירוף אחר צירוף, עד שמרימה אותו למעלה המשוכללה והנשגבה בחיי־ארץ: למלכות שמים במלכות ארץ.

במידה שאין דוגמתה חדרה תורת החסידות לעומק רוח האדם, רוח האלקים שבו מצד זה, ותכונותיו הטבעיות כבעל חי בכלל מהצד השני. ועל כן ידעה היטב שאי אפשר בשום אופן לעשות את האדם המורכב מגוף ונשמה

לנפש אוהבת שתוותר על צרכיה הפרטיים בשביל צרכי חבירו וכדומה בצווי בלבד.

האזהרות והצוויים לא יועילו, גם אם יעמדו ויצעקו כל היום מן הבוקר עד הערב: אהוב את חבירך כמוך, הפקר את חייך בשביל חיי חבירך, וכדומה, ועל כן תורת החסידות היא באמת לאמיתה תורת השיטה הדרגתית שתכליתה לעשות את היהודי „למהלך" תמידי מן התחתון אל העליון, מן הקל אל הכבד.

תורת החסידות הניחה ביסוד השקפתה על האדם ביחס אל עצמו, את הרעיון, שהאדם נברא בדמות קונו, ולפיכך עליו למוד את הליכות חייו, מעשיו ונימוסיו, באופן שיקבילו אל התכונות שהוא מיחס אל יוצרו, וביחסו של זה אל העולם ויצוריו.

כשרון הדעת וההכרה, ההבחנה בין טוב לרע, יופי וכיעור, הנטיה לרגשות מוסריים, — אלה הם גלויו של האלקים בנפש האדם, ביטויו של חיבת היוצר אל יצוריו, התועדותו של אבי העולם אל בני העולם.

„בצלם אלקים ברא אותו" (בראשית א')

„חביב אדם שנברא בצלם" (אבות פ"ג)

„מעשי ידי טובעים בים ואתם אומרים שירה" (מגילה ו')

„כי קללת אלקים תלוי — דומה שהמלך תלוי" (תוספתא סנהדרין פ"ט).

וזהו שאמר הלל הזקן על קיום מצות „ואהבת לרעך כמוך" זוהי כל התורה כולה, ואידך פירושא הוא כו', כי יסוד ושורש כל התורה הוא, להגביה ולהעלות הנפש על הגוף מעלה מעלה...

ומה שאמרו בגמרא: מי שרואה בחבירו שחטא מצוה לשנאותו, היינו בחבירו בתורה ובמצוות, וכבר קיים בו מצות „הוכח תוכיח את עמיתך"... ואעפי"כ לא שב מחטאתו, אבל מי שאינו חבירו ואינו מקורב אצלו, הנה על זה אמר הלל: הוי מתלמידיו של אהרן, אוהב שלום וכו', אוהב את הבריות ומקרבן לתורה, לומר שאף הרחוקים מתורת ד' ועבודתו... צריך למושכן בחבלי עבותות האהבה...

והן לא הפסיד שכר מצות אהבת רעים. וגם המקורבים אליו והוכיחם ולא שבו מעוונותיהם שמצוה לשנאותם — מצוה לאהבה גם כן, ושתיהם הן אמת: שנאה מצד הרע שבהם ואהבה מצד הטוב הגנוז בהם, שהוא ניצוץ אלקות שבתוכה (תניא להרב מלאדי פל"ב).

אהבת הבריות, שהיא התכונה היותר נעלה מכל הרגשות המוסריים שבאדם ושבעיקר הדבר אל האחרונים הם תולדות מחויבות מרגש האהבה, מוצאה היא ב„אני ה'" כלומר האמונה ברוח האלקית שבנשמת כל האדם.

„ואהבת לרעך וגו׳ אני ה׳״, מה טעם? „כי אני בראתיו״ (אבות דר״נ פט״ז) כל מעשי האדם והנהגתו בחיים צריכים להיות נערכים ונבחנים באופן שיוכל לשמש חוב כללי, מופת ודוגמא בשביל כל האדם, ז״א למלאות תוך חוב החכמה העליונה מבלי לבקש בהם תועלת לעצמו.

כלל גדול בתורה — יסוד כל המצוות „בדמות אלקים כו׳״. „האדם נברא בדמות קונו״, וחובות האדם לחבירו כחובותיו לקונו...

יוצר שיטת החסידות אמר: כתוב בתורה, „ואהבת לרעך כמוך״ (קדושים י״ט, י״ח) אהב את רעך כמו שאתה אוהב את עצמך, כי מי כמוך יודע את כל מגרעותיך וחסרונותיך הרבים והעצומים... כשם שאתה אוהב את עצמך את „האני״ שלך עם כל המומים והפגמים כך אהב את רעך למרות הצדדים השליליים שבו.

בעל ה„תניא״ אמר שעל ידי אהבת ישראל יכולים לבוא לידי אהבת ה׳, והמגיד הקדוש רבי דוב ממעזריטש זצ״ל אמר: כשאדם עובד את הבורא יש לבורא נחת רוח מזה, וכן גם כשאדם מלמד זכות על ישראל נגרם על ידי זה תענוג לבורא, והאדם צריך לעבוד את הבורא לא בשביל הנאת עצמו כלל, אלא כדי שיהיה תענוג לבורא, זהו: „בן חכם ישמח אב״ (משלי י׳).

והרבי ר׳ לוי יצחק מברדיטשוב זצ״ל אמר: האדם צריך ללמד זכות על ישראל ולא לצער שום אדם, כי נשמת כל אחד מישראל חצובה מתחת כסא הכבוד ומי שמדבר סרה על ישראל כאילו הטיח דברים כלפי מעלה וזהו שנאמר: „לא הביט און ביעקב ולא ראה עמל בישראל. למה? כי ה׳ אלקיו עמו, כי כל איש הוא חלק אלקי ממעל.

האידיאה של אהבת האדם, כתוצאה מהרעיון על האלוקות שמפעם בנשמת האדם, מוצאה את ביטויה הכי חזק, בהארתה העיונית בדברי אחד מגדולי הרוח בעולם החסידות, ב„הרב מלאדי״, אנו מוצאים רעיון אהבת האדם בדברים אלה:

להיות גופו נבזה ונמאס בעיניו, ושמחתו תהיה רק שמחת הנפש לבדה, הרי זה דרך ישרה וקלה לבוא לידי קיום מצות „ואהבת לרעך כמוך״... לכל נפש מישראל למגדול ועד קטן, כי מאחר שגופו נמאס ומתועב אצלו, והנפש והרוח — מי יודע גדולתן ומעלתן בשרשן ומקורן באלקים חיים בשגם שכולן מתאימות ואב אחד לכולנה, ולכן נקראו כל ישראל אחים ממש מצד שורש נפשם בד׳ אחד, רק שהגופים מחולקים. ולכן העושים גופן עיקר ונפשם טפלה אי אפשר להיות אהבה ואחוה אמיתית ביניהם, אלא התלויה בדבר לבדה.

הצדיק ר׳ משה לייב מסאסוב אמר לתלמידו ר׳ צבי מזידיטשויב זצ״ל:

הפשט האמיתי של „ואהבת לרעך כמוך" למדתי לדעת משיחתם של שני נכרים. האחד אמר: אמור נא, אחא, אוהב אותה אותי? ענה השני: אוהב אני אותך מאד. אמר הראשון: היודע אתה גם מה שכואב לי? ענה השני: לא, ענה השני. — אם אינך יודע מה כואב לי, היאך יכול אתה לומר שאוהב אתה אותי? אמר הראשון. — מבין אתה, הערש, — סיים הצדיק — לאהוב באמת, היינו לחוש מה שכואב לחבירך.

החסידות למדה שהאדם הנברא בצלם אלקים הוא מרכז הבריאה, ואהבת הבריות הוא המניע את גלגל החיים ונותן רוח ונשמה בכל היקום. בכל מקום שיש אהבה המתפרצת ממעמקי הלב שם יש השראת השכינה וזיו החיים, ובלב הפנוי ששם האהבה אינה מקננת אתה מוצא סילוק שכינה וצלמות. „או חברותא או מיתותא" (תענית ד').

אחד הצדיקים בעל נפש פיוטית גבוהה הדגיש מדי דברו פעם בפעם בהדגשה יתירה, את האימרה שהמדרש (מכילתא) שם בפי הקב"ה: „בכל מקום אשר אני מוצא רושם רגלי בני אדם שם אני לפניך"...

אהבת האדם הוא היסוד של התפתחות והתקדמות נפשית שעל ידה מתעוררת אהבת ה', כי יש קירבה רוחנית ביניהם, בלי כל פירוד, ולזאת בא אחר הצווי: „ואהבת לרעך כמוך" — אני ה', זאת אומרת, אני ה' מקור כל הנשמות כולם, וממני נחצבה נפש האדם, ולכן בהכרח שתהא ביניכם אהבה הדדית... תכלית מגמת כל קניני התרבות האנושית צריכה להיות לעורר בלב האדם את הנימים האנושיים המקננים בחובו, בתוך תוכיותו.

כל ספר חדש שעומד להופיע יש בו תועלת אך ורק אם לב המחבר מוכשר להקריב את מבחר כוחותיו על מנת לרכך את קושי החיים ולהקל מעל האדם את גודל המעמסה הרובצת עליו.

הרבי מקוצק זצ"ל, אותו העמקן המחודד שכל אימרה ואימרה שלו היא בת השקפת עולם מיוחדת ושלא השאיר אחריו שום כתבים, כי בעודו בחיים חיותו ציוה לשרוף אותם, שאיפתו האמיתית היתה לכתוב ספר קטן מאד שיכיל רק דף אחד בלבד, ותמצית החיבור הזה יהיה „האדם". ידועה האימרה השנונה שלו, כשבא לפניו פעם אחת „אברך משי" וסיפר לו בזחיחות דעת שכבר למד את כל הש"ס עם כל המפרשים והנושאי כלים. הקוצקאי ראה שהנימוסים שלו אינם כדבעי למיהוי, פנה אליו ואמר: עד כדי כך? — ומה למד הש"ס כולו אותך?

סוד סגולת התורה, כוחה יפה לפעול על מידותיו של האדם, יען שעל ידי התורה נעשה האדם דבוק להיוצר, למקור הטוב, החסד והנדיבות, ומזה

יתעורר ויתלהב הניצוץ האלוקי, ניצוץ האהבה והאחוה הצפון במסתרי נפש האדם.

אני ה׳, פירוש שא עיניך אל „העילה הראשונה" אל היוצר בשמים. מצד היוצר הלא יש שייכות גדולה בין בני אדם שונים המחולקים בגופם, כי אותו היוצר שיצר אותך יצר גם את חבירך ויתכן איפוא לאהוב איש את חבירו אם גם שהגופניות מחלקת ומבדלת אותם... לא זו אלא אף זו, אם גם שרואים אצל הזולת חסרונות צריכים לסבול אותם. וכבר אמר אחד מגדולי החסידות: כאשר ינתן מום באדם, כן ינתן בו — מי שנותן מום בישראל כאילו נתן מום בו — באלוקי ישראל, כביכול...

לך ראה את שלום אחיך (בראשית ל"ז) יעקב ביקש מאת יוסף שיראה רק את השלימות והטוב של אחיך, ולא חלילה את מומיהם וחסרונותיהם...

גדולי הפילוסופים וחוקרי נפש האדם חוקרים ומחטטים לדעת מהותו וטיבו של העיבור הזה הנקרא „אדם". לבו הוא שדה־קטל של סתירות וניגודים, בוגד בטבעו ומחליף תפקידו. מצד אחד בעל מחשבה צלולה ורצופה, זכה ומיושבת בתכלית, בנויה על אדני ההגיון. ומאידך גיסא, מחשבה המעלה כל מיני קוצים וברקנים, חרולי־תוכן ודרדרי־רגש, פיקח וחדל־אישים כאחד, התמזגות של רשעות וסכלות, כליל־ערמה וחסר אופי.

לפעמים רואים אנו אותו בתור מטיב וגומל חסד, מלא חמלה ואהבה לרצוצי לב ומרי נפש, מוכן להושיט יד עזרה למצפים לישועה, ולפעמים עדים אנו לתופעה מהופכת, מתאכזר ומתנקם, מתעלס ברעת חבירו, מנבל מלשין ומחבל את חיי רעהו.

והיות שהאדם הוא מין דו־פרצופין רוחני, שפעם הוא מתגלה בדמות מלאך אלקים, ופעם בדמות שד משחת, לכן מתלבטים הפילוסופים וחוקרי תכונת נפש האדם ונבוכים הם מאד ואינם יודעים איזה תכונה היא עיקרית באדם ואיזה טפלה אצלו על פי מקרה הסיבות החיצוניות.

האם האדם בעצם, בטבעו ומהותו הוא גומל טוב, והרשעות המתפרצת לפעמים מתחת קרקע לבבו היא מתוך סיבה צדדית, סיבת מלחמת הקיום, סיבת התלאות, הרפתקאות, כעס ומכאובים, אנדרלמוסיות וכל מיני פורעניות המתרגשות עליו על ידי בני אדם, — ולפי שהוא בעצם בריה חלשה, עלובה ומדוכאה ושרוי תמיד בפחד ובהלה פן לא ימצא כלכלת גויתו, ומתוך בהלתו וחרדתו על נפשו הוא, יפרוץ לפעמים גם בגבולות רעהו, איידי דטריד למיבלע מזונות, בולע לפעמים את חבירו, או דילמא להיפך, האדם בעצם הנהו בעל אכזריות, סדיסט, אוהב מטבעו לסבב יסורים לבריות ומתענג לראות כיצד

חבירו מפרפר בצירים וחבלים, והחסדים שיגמול לפעמים עם חבירו הם רק מקרה, מסיבה צדדית, כי הנם תחבולה מלאכותית מהתחכמותו של האדם לצודד את לבב הבריות שישיבו לו טובות רבות...

ובכן לב האדם נמצא בין הפטיש ובין הסדן, לכן מיום שברא אלקים אדם על הארץ ועד היום, בעלי החכמה והדעת עסוקים בתיקונו ושיפור מעשיו, אך בעלי חכמה זו עוסקים רק בתיקון צרכי האדם ולא בתיקון האדם עצמו.

ובפועל אנו רואים, שהציביליזציה אמנם צעדה צעדי ענק, בתתה לאנושיות כמה המצאות נשגבות, שהועילו לתקן סדרי החיים, אולם רוח האדם נשאר במצבו הקדום, כמו שהיה, ואולי עוד יותר גרוע. ויפה אמר אחד החסידים: „האדם יודע חכמה, אבל להטיב בל יכול, האדם יביא לידי השלמה את מלאכת עבודתו, האריגה, הדפוס, הבנין, וכולי, יביא לידי השלמה הכל אבל לא את עצמו", האדם ישאר תמיד אדם ...

יפה באמת המחזה של האוירון הפורח ברקיע השמים, אבל האם יפה גם האדם היושב בתוכו? מה נהדר הוא הטלסטאר המתרומם וסובב את כדור הארץ, אבל כמה מקולקל וספוג אדים גרועים הוא האויר המורעל מזוהמת חלאת מין האנושי.

האדם בא לידי כבושו של עולם, אבל לא לכבשונו של עולם ... הוא רק סוד ה' ליראיו...

אדרבה, בה במידה שהמדעים והיופי החיצוני עולים למעלה, נפש האדם יורדת למטה, מפני שביחד עם ההמצאות החדשות העושות את החיים יותר טובים ונוחים, מתגברות תאוות האדם לחיות חיי אושר ולוקסוס, וצרכיו ושאיפותיו מתרבים יותר ויותר, ובעקב זה בני אדם מטולטלים ומוטרדים בתוך גלי הקנאה והשנאה, מושלכים בתוך „כף הקלע" של תקוות רצוצות ותוחלות נכזבות, אינם יודעים מה שהם רוצים ומה טוב בשבילם, חייהם הם לא יום ולא לילה, רק דמדומים.

הרבה מן ההוגי דעות וחוקרי נפש האדם המצוינים באו לידי הכרה שהמדע והתרבות החדשה הועילו לקלקול המידות וירידת הרוח האנושי ועשו את החיים רעים וקשים ביותר מכפי שהיו בשנים קדמוניות. אדרבה, הם עושים את תוצאות המדע לכלי שרת ולאינסטרומנטים לחפות בהם את מעשיהם הערומים והורגים שנואי נפשם ב„מיתת נשיקה" ובכסיות משי הנקרא: דיפלומטיה.

לפי תורת החסידות האדם שנפשו מרובת פנים, מסובכת ומסובלת בסתירות, עוד יש לו תקנה: תוך תוכה של נפש זו, הכח האלקי שבחביון

נשמתו, יש בו כדי להשפיע עליה, לשנותה, להדק את הכוחות הצוררים זה את זה לאחדים, להתיך את היסודות הבורחים זה מזה במזיגה אחת.

החסידות מיעטה לדון בבעיות פילוסופיות ופסיחולוגיות, השתלשלות הבריאה ועצמיות אלקים, החסידות הורה ששלימות האדם העליון תלויה בעשיית המעשה ושעליו לעשותו בכל האיברים, כלומר, שתשתתף בו במעשה כל ישותו הגופנית של האדם, ואינו בטל אפילו רגע אחד. המחשבות צריכות להיות קדושות ולעשות חולין שהם דברי רשות על טהרת הקודש. חיי האדם צריכים להיות חיים רוחניים, שהם כפי דברי „התניא" אמונה ויראה ואהבה. וזהו הפירוש צדיק וטוב לו צדיק גמור שנהפך הרע שלו לטוב ממש. על גדלות ומעלת צדיק גמור אמר רבי שמעון בן יוחאי: „ראיתי בני עליה והמה מועטים" (סוכה מ"ה). הם נקראים בני עליה מפני שיש בכוחם להפוך את הרע המוחלט ולהעלות אותו לדבר שבקדושה (תניא, לקוטי אמרים פ"י).

הבעש"ט ותלמידיו ראו בכל דבר גשמי וחילוני את הפנימיות, את הצד הקדוש שבו, את סוד חלק אלק' ממעל שבתוכו, אפילו הפחות שבפחותים יכול ליהפך לאיש רוחני, לקדוש, לבן עליה.

תפקיד הצדיק, לתקן הנשמות, לברר „הניצוצין הקדושים", לתקן הנשמות, להמתיק את הדינין, ולהעלות את הנפילים, ולכן הצדיק האמיתי אינו רואה שום רע באדם והכל זכאין וצדיקים, וזה כוונת הכתוב (חבקוק ב') „וצדיק באמונתו יחיה" — „באמונתו יחיה", יחיה שמחיה את הניצוצות... האמונה שלו היא כמו טל של תחיה לזרוע השגת אלקות בעולם, תעודת הצדיק האמיתי היא כפולה: „והודעת להם את הדרך אשר ילכו בה ואת המעשה אשר יעשו" זיכוך המידות ודרך ישר בחיים יכולים ללמוד אפילו מדברים פחותי ערך.

מספרים על הרבי ר' נחום, בנו של הרבי מרוזין זצ"ל, שנכנס פתאום לבית המדרש בימי חנוכה ומצא את הבחורים הלומדים יושבים ומשחקים במשחק המלכה („דמקה" — „דאמינא"), כשראו הבחורים את הצדיק על מפתן הבית מדרש נבהלו מאד וחדלו לשחק, לתמהונם הגדול פנה אליהם הרבי בסבר פנים יפות ושאלם? „היודעים אתם הכללים של משחק המלכה? מפני גודל הפחד, שתקו כל הבחורים ולא השיבו דבר. אז הרבי בעצמו הסביר להם תשובה על שאלתו, ואמר: ראשית, אסור לנוע שתי תנועות בבת אחת. שנית, מותר ללכת לפנים ואסור לפנות לאחור. שלישית, בשעה שאתה מגיע למעלה כבר אתה רשאי ללכת לכל מקום כרצונך.

המגיד הקדוש ממעזריטש זצ״ל אמר לרבי זושא תלמידו כשבא אליו ללמוד ממנו דרך בעבודת ה׳: למד שבעה דברים מגנב ושלשה דברים מתינוק והשתמש בהם בדרך טוב. מגנב: א) עבודתו גם בלילה. ב) אם לא השיג את מבוקשו פעם אחת, ישתדל להשיגו בפעם שניה. ג) אוהב הוא את חבירו הגנב אהבה עזה ונאמנה. ד) מוסר את נפשו אפילו על דברים זעירים וקלי ערך. ה) כשתופסים אותו, גם כי יספוג מכות ועינויים קשים, הוא באחת, אינני יודע. ו) אומנתו יפה בעיניו, ולא יחליפנה באחרת. ומתינוק תלמד: א) תמיד הוא שמח. ב) לעולם אינו יושב בטל. ג) בוכה על המבוקש שלו.

לפי שיטת החסידות הקרע שבלב יכול להתאחה רק אם האדם ישתדל להתגבר על תאוותיו החיצוניות והפנימיות, להשליט השכל על הלב כביטויו של בעל „התניא״ והתנאי העיקרי הוא, שיתקן את עצמו, ולא את הזולת. איזהו גיבור? הכובש את יצרו. יצרו הוא, ולא יצר חבירו — למדה החסידות.

האדם צריך לעזוב את כל חפצי העולם הזה המדומים והאגואיסטיים ולמצוא את עצמיותו הפרטית, את אישיותו הפנימית, את הנקודה העליונה שבו, את „האני״ השמימי.

„האני״ העליון שבאדם מכיל בתוכו עולם שלם ועלול להבריק ולהתפשט דרך כל סדק וסדק לתאי הנפש האנושית, לעדן ולשפר את כל פני שטח החיים, אך ההתחלה צריכה להיות בו, „מצוה בו יותר מבשלוחו״. עליו קודם למצוא את „האני״ היחידי ולא את „האני הקיבוצי״, כי אם „אני״ כאן, הכל כאן...

שאיפת מייסדי החסידות היתה לגלות את האור הגנוז שבחביון נפשו של כל אדם, אף קטני מח ופשוטי עם.

החסידים מספרים שהרבי ר׳ זושא מאניפולי זצ״ל היה רגיל לומר: מדוע מכינים ההורים „כסא של אליהו״ בעת שהם מכניסים את הילד בבריתו של אברהם אבינו? הטעם הוא — הסביר הרבי — מפני שהוא בא לבשר ולהורות לאדם הנולד שכל אחד ואחד מבני ישראל מסוגל בכחו, כמוהו, אליהו הנביא, לעלות ולטפס בחייו עד לרקיע של גלוי האור הפנימי הגנוז בגנזי נשמתו ולהעלות לאדם עליון.

האדם הוא גולת הכותרת של הבריאה והרוצה לתקן את העולם חייב לתקן תחילה את האדם, כי הוא מיקרְאקוסמוס, עולם קטן.

משל חסידי עמוק מספר: למיליונר אחד במרחקי ארץ שהיה מחונן בכשרון אמנותי גדול, היתה מפה גדולה ומפוארה ששמרה כבבת עינו, במפה

זו היו מצוינים בקוים ביוחדים כל המקומות שבעולם, הרים ובקעות, כרכים ועירות, ימים ומדבריות, לא היתה פינה נדחת בעולם שלא היתה רשומה בה בקו או נקודה. לעשיר זה היה בן יחיד שהיה מחונן בכשרון אמנותי כמו אביו.

פעם אחת כשהגיעה המפה לידו קרעה לקרעים שאינם מתאחים, כששב אביו הבין וראה את אשר קרה, התרגז מאד על בנו. הבן בראותו צערו של אביו התפרץ בבכי גדול והתחנן לפני אביו ואמר לו: תן לי רק חצי שעה ואני אחזירה לתבניתה הקודמת, למשמע דברי בנו, האב התפלא מאד ולא האמין שהדבר יאופשר להוציא אל הפועל.

אך כמה השתומם האב בראותו שאחרי חצי שעה והבן נתן לו בחזרה מפה שלימה ומחוברת, מכל קטע וקטע נעשה בנין שלם, וכל קו ונקודה נמצא במקום הנכון על שאלת אביו האיך זה עלה בידו לעשות מגזרים שונים מפה אמנותית יפה? השיב לו הבן בתמימות גדולה: אבא, השכוח שכחת שמצד השני של המפה היתה רשומה תמונת אדם. כל אבר ואבר של גוף האדם ציין בצד השני חלק מכדור הארץ ואברי האדם וחלקי הארץ היו מקבילים ומתאימים זה לזה.

תורת המידות הוא מרכז החיים של החסידות וצומת הגידין שלה. מתוך עצם רעיונותיהם ומחשבותיהם, שיחותיהם והתנהגותיהם של גדולי החסידות, כפי שהם באים לידי ביטוי בביאוריהם לפסוקי התורה ובסיפורי המעשיות על אודותיהם במסורת העם, אנו רואים לפנינו לא רק מידות טובות גרידא, אלא מידות תרומיות ממדריגה גבוהה, שאיזה חן של אצילות מיוחדת, ויופי של מעלה חופף עליהן.

תורה אפשר ללמוד מתוך ספרים, מוסר אפשר לרכוש מתוך ספרי מוסר, אבל התנהגות אצילית, כיצד „לחיות" בחיים היום יומיים, וכיצד להפיק תועלת מתוך מקרה צדדי של דרך אגב, זה נתנה החסידות, זה הורה הרבי, המורה, המחנך הנפשי.

כשהיה רבי יעקב יצחק מלובלין זצ"ל, בא לבית רבו, המגיד הגדול רבי דוב ממעזריטש זצ"ל, פנה אליו המגיד הקדוש זצ"ל לפני הפרדו ממנו ואמר לו: „אל תקיש בדלת", ופירש הרבי מלובלין את דברי רבו שהתכוון להזכירו, שישמור את דלת פיו ולא ידבר דברים יתרים בחינת „שמור פתחי פיך" (מיכה ז') כי אפילו יש לו לאדם כל מידות טובות, ואם אין לו מידה זו של שמירת הדיבור, אין לו כלום, כי זה כל האדם, „ויהי האדם לנפש חיה" תרגם אונקלוס: לרוח ממללא.

בתמצית: החסידות סובבת על הקוטב של לפנים משורת הדין. רק השמר לך ושמור נפשך מאד, „רק" מיעוט בנוגע לך, בגופך רק מעט, לנפשך, השמר מאד, ולזה אולי התפלל דוד: „שמרה נפשי כי חסיד אני", כי הלא לחסידים יש שולחן ערוך מפורט, אבל החסיד שעושה הכל לפנים משורת הדין, עליו להיות זהיר בשמירה יתירה.

החידוש בחסידות היא, שלא חידשה דבר, רק דורשת בהדגשה והטעמה נפרזת לקיים בחיים היום־יומיים את מאמר חז"ל „לא ניתנו מצוות אלא לצרף בהן את הבריות" (בראשית רבה).



# חסידות און עטיק

## ת ו ר ה

### די תורה איז אומענדליך

דער בעש״ט הק׳ זצ״ל האָט געטייטשט: „תורת ה׳ תמימה״ — די תורה איז גאַנץ, פונקט אַזוי ווי אין דער צייט וואָס זי איז געגעבען געוואָרען. וויפיל מען זאָל אַלץ נישט לערנען און פאַרשען, איז זי נאָך אַלץ גאַנץ און נישט באַרירט, ווייל קיינער האָט נאָך נישט באַוויזען זיך צו דערגרונטעווען צו דער עמקות און אומענדליכקייט פון דער תורה הקדושה.

(בעל שם טוב הקדוש זצ״ל)

### נישט וויפיל — נאָר ווען

הקב״ה ציילט נישט די דפים גמרא וועלכע מען האָט געלערנט, נאָר די שעה׳ן אין וועלכע מען האָט געלערנט, — די צייט וואָס מען האָט געווידמעט פאַר תורה.

(רבי ר׳ אהרן קאַרלינער זצ״ל)

### נישט שווער...

דער רבי ר׳ משה דוד טשאָרטקאָווער זצ״ל האָט אַמאָל, ביים אַריינגעבען אַ ספר תורה אין שוהל אַריין, געטאַנצט התלהבות׳דיג, טראָץ זיין שוואַכען געזונט צושטאַנד.

ער האָט דערביי געזאָגט צו זיינע מקורבים: דער וואָס ה א ל ט (איז מקיים) די תורה, פאַר דעם איז זי נישט שווער...

(רבי ר׳ משה דוד טשאָרטקאָווער זצ״ל)

### תורה אָן מידות טובות

אויב איינער לערנט אין אַ הויז, וואו עס איז פאַראַן אין דער וואַנט איין גע׳גזל׳טער נאָגל, דאַן איז זיין גאַנץ לערנען גאָרנישט ווערט. דער באַראַבעוועטער נאָגל וועט אַרויסשטאַרצען פון דער וואַנט, אַריינקריכען צווישען די בלעטער פון דער גמרא און זיי צערייסען...

(בשם צדיק אחד)

## דער רבי און דער תלמיד

דער צאַנזער רב רבי חיים האַלבערשטאַם זצ״ל איז אין דער יוגענט געווען אַ תלמיד פון רבי׳ן ר׳ נפתלי ראָפּשיצער זצ״ל. ער האָט איהם אָבער נישט גערופען „רבי״, נאָר „רב״.

אויף דער פראַגע פון אַ מקורב: היתכן? די משנה זאָגט דאָך (אבות פרק ו׳ משנה ג׳) „הלומד מחבירו פרק אחד... אפילו אות אחת... צריך לנהוג בו כבוד וכו׳ קראו רבו...?

האָט אים דער צאַנזער רב געענטפערט דערויף: דאָס זאָג איך דאָך. דער הייליגער ראָפּשיצער האָט מיך נאָר געלערנט יראת שמים, און פון יראת שמים האָב איך פון איהם נאָך נישט געלערנט אפילו איין אות...

(רבי ר׳ חיים צאַנזער זצ״ל)

## תורה בעיון

דאָס בעסטע מוסר ספר איז צו לערנען אַ בלאַט גמרא בעיון, מיט דביקות און מיט גרינטליכקייט.

(רבי ר׳ שלמה קאַרלינער זצ״ל)

## ברילען

ווען דער רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל איז אויף די עלטערע יאָהרען געוואָרען קורצזיכטיג, האָט ער נישט געוואָלט טראָגען קיין ברילען, ווייל — האָט ער געזאָגט — ברילען זיינען אַ מחיצה צווישען די אויגען און דער תורה הקדושה.

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## וויאַזוי פּטור צו ווערען פון אַ נודניק

דער רבי ר׳ אשר׳ל רימאַנאָווער זצ״ל האָט געזאָגט בדרך הלצה, אַז דער איינציגער אויסוועג וויאַזוי מ׳קען פּטור ווערען פון אַן עם־הארצ׳ישען נודניק איז, אַז מ׳זאָל רעדען דברי תורה, וועט ער זיך באַלד אָפּטראָגען.

אַ רמז דערויף: „הנפטר מחבירו, אל יפטור אלא מתוך דבר הלכה״ (ברכות ל״א) — וויבאַלד ער וועט נאָר דערהערען לערנען, וועט ער באַלד נעמען שטעלען פיס...

(רבי ר׳ אשר׳ל רימאַנאָווער זצ״ל)

## צעברעכען, כדי צו מאַכען גאַנץ

דער רבי ר׳ אלימלך פון גראָדזיסק זצ״ל האָט געזאָגט: אָפּטמאָל דאַכט

זיך ווען מען זאָגט תורה אַז מען „צעברעכט" מאמרים כדי אַרויסצו־ברענגען אַ געוויסען רעיון, אָבער די דברי תורה האָבען אַ גרויסע השפעה אויף די צוהערער, און עס איז אפילו גלייכער צו צעברעכען מאמרים, אַבי גאַנץ צו מאַכען אידישע נשמות...

(רבי ר׳ אלימלך פון גראָדזיסק זצ״ל)

## דער חסיד און דאָס ספר

אַ חסיד, אַ גרויסער למדן, האָט מחבר געווען אַ ספר וועגען חסידות, און עס געוויזען דעם ראַדזינער רבי׳ן רבי גרשון העניך זצ״ל ער זאָל איהם זאָגען מבינות אויפ׳ן ספר.

דער רבי, וויסענדיג אַז דער חסיד איז מלא וגדוש מיט ש״ס און פוסקים, האָט איהם אַ פרעג געטאָן: איר זענט דאָך אַ למדן, האָט איר גערדאַרפט מאַכען אייער חיבור אויף פלפול און חריפות, וואָלט די וועלט זיך דערוויסט אַז אויך אַ חסיד זיצט און לערנט און קאָן לערנען...

(רבי ר׳ גרשון העניך ראַדזינער זצ״ל)

## תורה און תפלה

אַ מתנגדישער גאון האָט אַמאָל געפרעגט דעם סאָכאַטשאָווער רבי׳ן זצ״ל פאַרוואָס ער דאַווענט אַזוי שפעט? האָט איהם דער סאָכאַטשאָווער רבי געענטפערט: ווייל איך לערן אַ גאַנצע נאַכט.

דערויף האָט איהם דער מתנגדישער רב ווידער געפרעגט: איז דען נישט גלייכער זיך צו לייגען פרי שלאָפען און אויפשטיין באַצייטענס אין דער פרי צום לערנען?

האָט איהם דער סאָכאַטשעווער אויף דעם משיב געווען: וואָלט איך געוואוסט אַז איך וועל בכלל אויפשטיין אינדערפרי, וואָלט איך טאַקע גע־פאָלגט אייער עצה, אָבער איידער איך גיי שלאָפען זאָג איך „בידך אפקיד רוחי", טראַכט איך, ווער ווייסט צי השי״ת וועט מיר צוריקגעבען מיין נשמה. כאַפּ איך דעריבער אַריין ביינאַכט דאָס לערנען...

(רבי ר׳ אברהמ׳לע סאָכאַטשאָווער זצ״ל)

## אהבת התורה

דער סאָכאַטשאָווער רבי ר׳ אברהמ׳לע זצ״ל, דער בעל „אבני נזר", איז אַמאָל געפערליך קראַנק געוואָרען און די דאָקטוירים האָבען איהם פאַרבאָטען צו לערנען: דער סאָכאַטשאָווער האָט אָבער נישט געפאָלגט דעם פאַרבאָט און יאָ געלערנט.

ער האָט געזאָגט: וועל איך פאָלגען דעם דאָקטאָר, וועל איך שטאַרבען פון נישט לערנען. איז שוין גלייכער צו שטאַרבען פון יאָ לערנען...

(רבי ר׳ אברהמ׳לע סאַכאַטשאָווער זצ״ל)

## מען דאַרף גזל׳ען צייט אויף לערנען תורה

דער רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל, האָט אַמאָל שטאַרק אויסגע־מוסר׳ט איינעם וואָס האָט זיך פאַרטיידיגט דערמיט, וואָס ער איז אַ גאַנצען טאָג פאַרנומען אין מסחר און האָט נישט קיין צייט זיך צו ווידמען צו לערנען תורה.

ער האָט צו אים געזאָגט: „דאָך דאַרפסטו זען אָוועקצוכאַפּען אַביסעל צייט אויף תורה, מחמת די חז״ל זאָגען, אַז די ערשטע פראַגע וואָס מען וועט פרעגען דעם מענטש אויף יענער וועלט, איז: „קבעת עתים לתורה?״ דאָס וואָרט „קבע״ האָט אויך אַ טייטש פון גזילה, ווי עס שטייט אין פסוק „וקבע את קובעיהם נפש״ (משלי כ״ב). דאָס מיינט, מען וועט פרעגען דעם פאַרהאַרעוועטען מענטש אויף יענער וועלט: „קבעת עתים לתורה?״ — האָסטו אָוועקגעגזל׳ט אַביסעל צייט צו לערנען די תורה הקדושה ? האָסטו אָוועקגעכאַפּט אַביסעל צייט פון דיין מסחר און עסק אויף פאַר תורה־צוועקען ?

(רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל)

## אַ אידישער מנהג איז תורה

וועגען דעם מנהג נישט צו לערנען אין דער נאַכט פון ניטל האָט דער חידושי הרי״ם זצ״ל געפרעגט: וויאַזוי קען דער כלל ישראל מבטל זיין אַ גאַנצע נאַכט פון לערנען תורה, עס שטייט דאָך „אם לא בריתי יומם ולילה, חוקות שמים וארץ לא שמתי״? (ירמי׳ ל״ג, כה).

נאָר — האָט דער חידושי הרי״ם געענטפערט — וויבאַלד עס איז אַ אידישען מנהג, איז דאָס גופא אַזוי גוט ווי געלערנט, מנהג אבותינו תורה היא (מנחות כ׳ בתוס׳).

(דער חידושי הרי״ם זצ״ל)

## ווען דער דומם וועט רעדען

אויף לעתיד שטייט געשריבען: „אבן מקיר תזעק״ (חבקוק ב׳). האָט וועגען דעם געזאָגט דער אַלטער ליובאַוויטשער רבי: איצט שווייגט דער דומם. מ׳טרעט אויף איהם און ער שווייגט. אָבער עס וועט קומען אַ צייט ווען דער דומם וועט אָנהויבען רעדען, דערציילען און מאָנען,

אויב מען האָט גייענדיג נישט געטראַכט אָדער גערעדט דברי תורה, פאַר־וואָס־זשע האָט מען אויף איהם געטראָטען? די ערד אויף וועלכע מען טרעט וואַרט טויזענטער יאָהרען, פון ששת ימי בראשית, ביז עס וועט טרעטען אויף איהר אידען און רעדען אַ דבר תורה, אויב נישט — זאָגט זי — ביזטו דאָך ווי אַ בהמה...

(רבי ר׳ שלום בער ליובאַוויטשער זצ״ל)

## מען דאַרף לערנען נישט בלויז פאַר זיך

דער רבי ר׳ מאָטעלע טשערנאָבילער זצ״ל איז אַמאָל אַריינגעקומען אין בית המדרש און זיך צוגעהערט ווי אַ איד זיצט און לערנט. אַרויס־גייענדיג האָט ער געזאָגט צו די מקורבים: ווען איך באַגעגען אַ איד וואָס זיצט און לערנט, האָב איך דערפון גרויס הנאה, ווייל מן הסתם לערנט ער „בשם כל ישראל״. אויב ווידער ער לערנט בלויז פאַר זיך, וויל איך איהם נישט קענען מיט זיין גאַנץ לערנען...

(רבי ר׳ מאָטעלע טשערנאָבלער זצ״ל)

## אַ רמז וועגען דער ווירקזאַמקייט פון זאָגען תורה

דער קאָזשעניצער מגיד האָט געטייטשט: „זאת חוקת התורה אשר צוה ה׳ לאמור״ — עס וועט אַמאָל קומען אַ צייט, נאָכ׳ן חורבן בית המקדש, ווען מיט „זאָגען״ (לאמור) וועט מען קענען אויפטאָן פאַר תורה און אידישקייט...

(דער קאָזשעניצער מגיד זצ״ל)

## צייט איז טייער

ביי די פאַרצייטישע צדיקים איז יעדע מינוט געווען טייער ווי די אייביגקייט. זיי האָבען געהאַלטען אַז אויב מען נוצט נישט אויס יעדע מינוט אויף תורה אָדער מעשים טובים איז אַ גרויסער פאַרלוסט, און אויב מען טוט עפּעס אויף וויכטיגעס, איז אַלץ ווערט.

ריידענדיג וועגען דעם באַגריף פון צייט, האָט דער „תניא״ זצ״ל געזאָגט: אַ זומערדיגער טאָג און אַ ווינטערדיגע נאַכט איז אַ יאָהר...

## אין אַ גוטער געזעלשאַפט

אַ איד האָט זיך אַמאָל באַקלאָגט פאַר׳ן רבי׳ן ר׳ משה׳לע האָראָוויץ פון ראָזוואַדאָוו זצ״ל, אַז ער וואוינט אין דאָרף און ער האָט נישט דאָרט קיין אידען מיט וועמען זיך צוזאַמענצוקומען.

דערויף האָט איהם דער רבי געזאָגט: אויב אַ איד האָט אין זיין הײם ספרים, איז ער קיינמאָל נישט איינזאַם און אַליין. ער געפינט זיך אין אַ טייערע געזעלשאַפט פון אַ משה רבינו, אהרן הכהן, די נביאים, תנאים, אמוראים, צדיקים און חסידים.

(רבי ר' משה'לע ראָזוואַדאָווער זצ"ל)

## די זיבערפטע פערל

די תורה איז געגליכען צו אַ מענטשען וועלכער האָט מורא געהאַט אַז גזלנים זאָלען איהם נישט צוגזל'ן זיין פאַרמעגען, האָט ער עס פאַרקויפט און געקויפט דערפאַר אַ וואודערבאַרע פערל. — אָט אַזאַ פערל איז די תורה הקדושה.

(בשם חסיד אחד)

## תורה — אַ בריק פון דורות

ווען מען לערנט תורה פאַרבינדט זיך דער לערנער מיט דורות. עס איז התדבקות רוחא ברוחא. דער גייסט פון תנא באַהעפט זיך מיט'ן לערנער.

(רבי ר' נחמן בראַסלאַווער זצ"ל)

## דער כח פון תורה

דער רבי ר' מעכעלע זלאָטשאָווער זצ"ל האָט געטייטשט דעם באַקאַנטען מאמר: „תורה מתשת כוחו של אדם" אויפ'ן פאָלגענדען באַלערענדיגען אופן: דער וואָס לערנט נישט קיין תורה און ר'איז מצליח אין זיינע געשעפטען, רעדט ער זיך איין אַז דאָס נעמט זיך פון זיין גרויסען טאַלאַנט אָדער ענערגיע, און ער זאָגט „כוחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה" (דברים ח', י"ז).

קוים אָבער פאַרטיפט ער זיך אין תורה זעט ער איין אַז נישט אַדאַנק זיינע באַגאַבטקייטען האָט ער דאָס אַלץ דערגרייכט, ווייל דער דעת תורה לערנט אַז זיין הצלחה נעמט זיך גאָר פון דעם אויבערשטענס הילף...

(רבי ר' מעכעלע זלאָטשאָווער זצ"ל)

## וואָס מען דאַרף זיך אָפּלערנען פון אַ קינד

דריי זאַכען דאַרף זיך דער מענטש אָפּלערנען פון אַ קינד: עס איז שטענדיג לוסטיג און אויפגעהייטערט; עס זיצט קיינמאָל נישט ליידיג, עס מוז זיין פאַרנומען מיט עפּעס; און אַז עס האָט אַ ווילען צו האָבען עפּעס אַ זאַך וויינט עס...

(רבי ר' בער פון מעזריטש זצ"ל)

## תורה אָן יראת שמים

ר׳ אשר׳ל רימאַנאָווער זצ״ל פלעגט זאָגען וועגען די וואָס קענען אַ סך לערנען נאָר עס פעלט זיי יראת שמים, אַז זיי זיינען פונקט ווי אַ הייפטעל קרויט. עס איז טאַקע אַ בלאַט אויף אַ בלאַט, אָבער אינעווייניג איז פאַראַן אַ וואָרם...

(רבי ר׳ אשר׳ל רימאַנאָווער זצ״ל)

## תורה און מעשים

וואָס איז דער טייטש: „די צדיקים זאָגען תורה״? — דאָס מיינט, אַז די מעשים טובים, די טאָג טעגליכע גוטע טאַטען דאַרפען זיין תורה און האָבען אַ גוטע ווירקונג אויף די אָנהענגער פון חסידות. אין דער בחינה פון הימעל, וואו עס ווערט געזאָגט „אין אומר ואין דברים, בלי נשמע קולם״ (תהלים י״ט, ד׳), פונדעסטוועגען איז „בכל הארץ יצא קום״, צעגייען זיך די שטראַלען איבער׳ן גאַנצען ערד־קוגעל.

(רבי ר׳ לייב שרה׳ס זצ״ל)

## דאָס נאַרען זיך דערמיט וואָס מ׳האָט אַ סך געלערנט

דער קאָצקער זצ״ל האָט אַמאָל אין בית המדרש באַמערקט ווי אַ פּאָר שאַרפע „יונגעלייטלעך״ דרייען זיך אַרום מיט צופרידענקייט אַז זיי האָבען אַ סך אָפּגעלערנט במשך פון טאָג. דערקענענדיג אַז עס איז נישט תוכם כברם, אַז זיי נאַרען זיך און אַנדערע, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „זיי דרייען זיך אַרום מיט פּאַסקודסטווע און פאַרגלעטען זיך די בייכער מיט אַ פּאָר בלאַט גמרא״...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## תוכו כברו

אַז מ׳גיסט אַריין ווײַן אין אַ פלאַש, דאַרף דער ווײַן געזען ווערען פון דרויסען. דאָס זעלבע איז ווען איינער לערנט תורה, האָט זיין תורה נאָר דעמאָלט אַ קיום אַז מ׳זעט אָן פון דרויסען, מיט זיין אויפפירונג אַז ער האָט געלערנט תורה וועלכע פירט צו מעשים טובים.

(רבי ר׳ חיים אלעזר פון מונקאַטש זצ״ל)

## נאָענט און ווייט

אַ איד האָט זיך אַמאָל באַרימט פאַר׳ן רבי׳ן ר׳ זעליג פון סאָקאָלאָוו זצ״ל אַז ער איז נאָך קיינמאָל נישט געגאַנגען קיין ד׳ אמות אָהן תורה.

דערויף האט איהם דער רבי א פרעג געטאן: און וויפיל איילען און מייל ביזטו שוין דורכגעגאנגען אהן יראת שמים?

(רבי ר׳ זעליג פון סאקאלאוו זצ״ל)

## פרומקייט אן גוטסקייט טויג נישט

חסידות האט נישט געדולדעט די פרומאקעס, וועלכע הילען זיך איין אין א מאנטעל פון פרומקייט און קדושה, און ווען עס קומט עמיצען א טובה צו טאן, זיינען זיי הארט־הארציג. האט דערויף רבי ר׳ נפתלי ראפשיצער זצ״ל געזאגט: אזעלכע לייט זיינען די ראשי תיבות פון דעםווארט „פרום״. — פרו״ם מאכט פ״יל ר״שעות ו׳ווייניג מ׳צוות...

(רבי ר׳ נפתלי ראפשיצער זצ״ל)

## קעפלעך און טעפלעך

ריידענדיג וועגען דעם טרויעריגען מצב פונעם חינוך פון דער איי־דישער יוגענט אין אמעריקע, האט דער ליובאוויטשער רבי ר׳ יוסף יצחק שניאורסאן זצ״ל געזאגט: אויף דעם וואס מען לייגט אריין אין די אידישע טעפלעך זיינען פאראן פארשיידענע משגיחים און מכשירים, און אויף דעם וואס מען לייגט אריין אין אידישע קעפלעך זיינען נישטא קיין משגיחים און מכשירים...

(רבי ר׳ יוסף יצחק פון ליובאוויטש זצ״ל)

## פרומקייט און ארעמקייט

דער רבי ר׳ שמעלקא ניקלשבורגער זצ״ל האט שטענדיג געזאגט אז ארימקייט איז נישט קיין רעזולטאט פון פרומקייט, און אז עס לעבען אין טעות די מענטשען וועלכע מיינען אז צוליב זייער פרומקייט און זהירות זיינען זיי פאראָרעמט, און ווען זיי וואלטען נישט געווען פרום וואלטען זיי געווען אין א בעסערער מאטעריעלער לאגע. עס איז פאלש אזוי צו דענקען — פלעגט ער ממשיך זיין — עס שטייט אין פסוק: „יראו את ד׳ קדושיו כי אין מחסור ליראיו״ (תהלים ל״ג, ו) — און דער זין דערפון איז:

„מחסור ליראיו״ — דער „מחסור״, דער מאנגעל, די ארימקייט נעמט זיך נישט פון יראה, ווייל אט זעען מיר דאך זייער אפט אז — „כפירים רשו ורעבו״, אז עס זיינען גאר פאראן כופרים וועלכע זיינען

פאַראַרימט און הונגעריג. און ווידער זעען מיר אַז „דורשי ה׳ לא יחסרו כל טוב״ — עס זיינען פאַראַן פרומע אָפּגעהיטענע אידען וועלכע האָבען פון אַלדאָס גוטס...

(רבי ר׳ שמעלקא ניקלשבורגער זצ״ל)

## אַן אמת׳ער ירא שמים

דער רבי ר׳ משה קאָברינער זצ״ל האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט: ווען איך וואָלט געווען אַן אמת׳ער ירא שמים, וואָלט איך געלאָפען אין די גאַסען און געשריגען בקול רם: „אידען, פאַרוואָס זענט איהר עובר אויף דעם וואָס עס שטייט אין דער תורה „קדושים תהיו״! הייליג זאָלט איר זיין!״

(רבי ר׳ משה קאָברינער זצ״ל)

## דרך ארץ און מידות טובות

דער רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל האָט געטייטשט: „דרך ארץ קדמה לתורה״ — דרך ארץ און גוטע זיטען וואָס דער מענטש באַזיצט איז אַ הקדמה צו דער תורה. לויט דער הקדמה דערקענט מען דעם אינהאַלט און מהות פון אַ ספר — און אויף וויפיל דער מענטש ווייזט אַרויס דרך ארץ און גוטע מידות אין דער באַציאונג צום מיט מענטש ווערט קלאָר ווי אַזוי זיין תורה זעט אויס.

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## תורה אָן מעשים

די חז״ל זאָגען: „בן נח נהרג על שהיה לו ללמוד ולא למד״ (בבא קמא דף צ״ב). — כל שכן דער וואָס איז נישט קיין בן נח און האָט יאָ געלערנט און דאָך איז ער נישט מקיים וואָס ער האָט געלערנט, ווי גרויס דאַרף זיין זיין עונש...

(רבי ר׳ ישעי׳לע קערעסטירער זצ״ל)

## גיב נישט אַוועק חיי עולם פאַר חיי שעה

דער רבי ר׳ זושא האַניפּאָלער זצ״ל האָט געטייטשט: „אל תתן לחית נפש תורך״ (תהלים ע״ד) — זאָלסט נישט אַוועקגעבען „תורך״ דיין תורה צוליב „חית נפש״, צוליב פּרנסה און אַנדערע וואָכעדיגע ענינים.

(רבי ר׳ זושא האַניפּאָלער זצ״ל)

## נישטאָ קיין קשיות אויף דער תורה

ווען דער שיניאַווער רבי ר׳ יחזקאל׳ע זצ״ל איז אָנגעקומען אויף דעם ערשטען שבת אין שטאָט אַריין און מען האָט אים מפציר געווען ער זאָל זאָגען תורה, איז ער אַרויף אויף דער בימה, גענומען אַ חומש׳ל אין דער האַנט אַריין, אַ קוק געטאָן און געזאָגט: די תורה איז קודש קדשים. די תורה איז זיס. די תורה איז גוט. איך האָב נישט קיין שום קשיא אויף דער תורה...

(רבי ר׳ יחזקאל׳ע שיניאַווער זצ״ל)

## אַלץ איז תורה

דער וואָס זאָגט אַז דברי תורה זיינען באַזונדערע זאַכען און מילי דעלמא זיינען באַזונדערע זאַכען, דער איז אַ כופר...

(רבי ר׳ פנחס׳ל קאָריצער זצ״ל)

## הונדערט און „איינס"

די גמרא זאָגט: אינו דומה שונה פרקו מאה פעמים לשונה פרקו מאה פעמים ואחד (חגיגה דף ט׳). — האָט דער בעל שם טוב הקדוש זצ״ל געפרעגט: פעמים איז דאָך לשון נקבה, וואָלט דאָך געדאַרפט שטיין „ואחת"? נאָר דער פשט איז — האָט ער געזאָגט — עס איז נישט גלייך דער וואָס לערנט סתם מעכאַניש, אָן כוונה און אָן יראת שמים, צו דעם וואָס לערנט הונדערט מאָל מיט׳ן „אחד", מיט דביקות און התלהבות, זייענדיג צוגעבונדען מיט אַלע פעדעם פון דער נשמה אין דעם איינציגען באַשעפער.

(בעל שם טוב הקדוש זצ״ל)

# תשובה

## תשובה ברענגט נענטער צום מקור

חז״ל זאָגען: „מקום שבעלי תשובה עומדים שם, צדיקים אינן עומדים שם" (סנהדרין צ״ט). פאַרוואָס? ווייל אַ שטריק אַז מען רייסט אָפּ און מען פאַרבינדט איהם ווידער, ווערט ער נענטער צום מקור פון וועלכען מען האָט איהם אָפּגעריסען...

(דער טשאָרטקאָווער רבי ר׳ ישראל זצ״ל)

## ווען מ׳איז נאָך ביי די כוחות

אין פסוק שטייט „אשר יעשה אותם האדם וחי בהם" (אחרי י״ח, ה׳). דער רעיון דערפון איז, אַז דינען דעם באַשעפער דאַרף מען נישט דעמאָלט ווען עס דינען שוין נישט די כוחות און ס׳איז נישט פאַראַן מער קיין דראַנג צו זינדיגען צוליב אַלטקייט, נאָר דעמאָלט ווען מען איז יונג און פריש, געזונט און פול מיט לעבעדיגקייט — אשר יעשה אותם האדם וחי בהם...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## פאַרשלאָפענע יוגענט־יאָהרען

די חז״ל זאָגען: איינס פון די דריי זאַכען וואָס זיינען „מוציאין את האדם מן העולם" איז „שינה של שחרית", שלאָפען שפעט אינדערפרי. האָט דער רבי ר׳ מענדעלע פון קאָצק זצ״ל דעם דאָזיגען מאמר פאַר־אידישט און געטייטשט: „שינה של שחרית" — פאַרשלאָפענע יוגענט יאָהרען...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## די וואָס האַלטען אַז זיי זיינען גענצליך אומשולדיג

מקורבים האָבען אַמאָל געפרעגט דעם רבי׳ן ר׳ נתפלי ראָפּשיצער זצ״ל: די חז״ל זאָגען אַז „רשעים אפילו בפתחו של גיהנם אינם חוזרים בתשובה", איז דען מעגליך אַז מען זאָל קענען תשובה טאָן שטייענדיג ביי דער טיר פון גיהנם?

דערויף האָט דער ראָפּשיצער רב געענטפערט: דער רעיון דערפון איז, אַז תשובה טאָן איז דעמאָלט טאַקע נישט מעגליך, אָבער מודה זיין, צוצוגעבען אַז מען האָט געזינדיגט, דאָס קענען זיי דאָך יאָ טאָן. אָבער די נאַטור פון רשעים איז אַזוי פאַרהאַרטעוועט, אַז אפילו געפינענדיג

זיך נאָענט צום גיהנם האָבען זיי אַלץ נישט דעם מוט צוצוגעבען אַז זיי זיינען זינדיג, זיי דענקען אַלעמאָל אַז זיי האָבען געטאָן בלויז מצוות...
(רבי ר׳ נפתלי ראָפּשיצער זצ״ל)

## די פראַגע צום רבונו של עולם

נאָך דער פּטירה פון דער רביצין פון ערשטען בעלזער רבי׳ן ר׳ שלום זצ״ל, האָט ער געזאָגט די פאָלגענדע רירענדע ווערטער: רבונו של עולם! ווען איך וואָלט געהאַט כח זי אויפצואוועקען, וואָס וואָלט איך נישט געטאָן? נאָר איך האָב לײַדער קיין כח נישט דאָס צו טאָן. אָבער דו, רבונו של עולם, באַזיצט דאָך יאָ קראַפט, טאָ פאַרוואָס וועקסטו נישט אויף די כנסת ישראל?
(אהבת שלום)

## די גרויסקייט פון אַ בעל תשובה

עס זיינען פאַראַן פאַרשיידענערליי צדיקים: איינער איז אַ צדיק פאַר זיך אַליין, און דער אַנדערער איז אַ צדיק אויך פאַר אַנדערע. — און דאָס איז דער זין פון דעם מאמר חז״ל: מקום ש„בעלי״ תשובה עומדים שם צדיקים אינן עומדים שם (סנהדרין דף צ״ט ע״א) — ווייל דער צווייטער סאָרט צדיק, דער וואָס דינט מיט זיין צדקות אַלס מוסטער פאַר אַנדערע, דער איז אַ „בעל״, אַ הערשער, אַן אייגענטימער און געוועלטיגער איבער תשובה, ווייל ער איז גורם אַז עס זאָל נתרבה ווערען תשובה און צדקות אויף דער וועלט — „להורות תשובה לרבים״.
(בעל שם טוב הקדוש זצ״ל)

## תשובה — די צווייטע מוטער

מקורבים האָבען אַמאָל געפרעגט דעם „חוזה״, רבי ר׳ יעקב יצחק פון לובלין זצ״ל, פאַרוואָס ווערט אין זוהר דאָס וואָרט תשובה אָנגערופען „מוטער״. האָט ער געענטפערט: ווען דער מענטש איז זיך מתוודה אויף זיינע זינד און האָט חרטה אויף זיי מיט׳ן גאַנצען האַרצען, ווערט ער פאַרוואַנדעלט אין אַ קליין קינד וואָס איז ערשט געבוירען געוואָרען. און די תשובה איז זיין מוטער וואָס האָט אים געבוירען.
(מאמר מרדכי)

## תשובה עפענט אַלע טויערן

דער רבי ר׳ נחום טשערנאָבלער זצ״ל האָט געטייטשט דעם באַקאַנטען

מאמר חז"ל „יום הכיפורים מכפר על שאינם שבים" (יומא דף פ"ו) אויף אַזאַ אופן: די גרויסקייט פון דעם טאָג יום כיפור איז אַזוי שטאַרק, אַז ער איז מכפר אפילו אויף די עבירות וועגן וועלכע עס שטייט געשריבען אַז עס פועל'ט נישט אויף זיי קיין תשובה...

(רבי ר' נחום טשערנאָבלער זצ"ל)

## מיסט מוז מען אָפּרוימען

אָפט מאָל זעט מען אַ בערגעל מיסט אויף וועלכען עס איז אָנגעפאַלען שנייי און פאַרדעקט דאָס בערגעל מיסט, דעמאָלט איז אַלץ ווייס, שיין און לויטער און פול מיט גלאַנץ. אָבער אַז עס קומט אָן דער זומער און דער שנייי צעגייט, זעט מען אַז דאָס בערגעל מיסט איז ווייטער פאַראַן. דערפון דאַרפען מיר לערנען, אַז מיסט מוז מען אינגאַנצען אויסרוימען, — פאַרדעקען העלפט נישט...

(בשם צדיק אחד)

## קיין יאוש

דער רבי ר' יצחק יוסף פון ליובאַוויטש זצ"ל האָט געזאָגט: אַ איד טאָר זיך נישט מייאש זיין, און פ ו ן אַ איד טאָר מען זיך נישט מייאש זיין. עס איז אַלץ פאַראַן צו האָפען אַז ער וועט תשובה טאָן...

(דער ליובאַוויטשער רבי זצ"ל)

## האָפענונג

כל זמן דער ענגעט אבר הענגט נאָך אויפ'ן גוף, כל זמן דאָס צווייגעל הענגט נאָך אויפ'ן בוים איז נאָך אַלץ דאָ אַ האָפענונג אויף תשובה...

(רבי ר' אברהם יהודא דאַנציגער פון אַלעקסאַנדער זצ"ל)

## מצוה בו יותר מבשלוחו (קדושין מ"א)

צום באַרניוועער רבי'ן ר' אברהם שמחה'לע האָראָוויץ זצ"ל איז אַמאָל געקומען אַ איד און אים געזאָגט אַז ער האָט אַ נדר געטאָן צו פאַסטען „שובבים ת"ת", און ער איז גרייט צו געבען אַ גרויסע סומע געלט אויף אַ וויכטיגען צדקה־צוועק אַז אַן אַנדערער זאָל פאַסטען פאַר איהם.

דערויף האָט איהם דער רב אַ זאָג געטאָן: זאָלסט אַליין פאַסטען און נישט אַן אַנדערער, ווייל די חז"ל זאָגען „שובו בנים שובבים חוץ מאחר"...

(מיין זיידע הרב ר' אברהם שמחה האָראָוויץ זצ"ל)

## אַן אַנדערער מענטש

דער רבי ר׳ נפתלי האָראָוויץ פון ראָפּשיץ זצ״ל האָט געזאָגט: אַז אַ איד טוט תשובה ווערט ער פאַרוואַנדעלט אין אַן אַנדערען מענטש. אין הימעל פרעגט מען אויף איהם ווער איז דער מענטש וואָס מען דערקענט איהם נישט?

(רבי ר׳ נפתלי ראָפּשיצער זצ״ל)

## אַ פילאָזאָפיש חסידים ניגונ׳דל וועגען תשובה

צווישען קאַרלינער חסידים איז געווען פאַרשפּרייט פאָלגענד חסידיש זמר׳ל, וועלכעס האָט אַנטהאַלטען אַ שטיק לעבענס־פילאָזאָפיע:

וואָס האָט מען צו זאָרגען, וואָס ס׳וועט זיין מאָרגען?
לאָמיר בעסער טראַכטען, וואָס איז געווען נעכטען;
אפשר וועט מען קענען, עפּעס פאַררעכטען...

## קיין תשובה — אויך אַ תשובה

די גמרא זאָגט וועגען אלישע בן אביהו, אַז ער האָט געהערט אַ בת קול פון הימעל זאָגענדיג: „שובו בנים שובבים חוץ מאחר", האָט ער נישט געוואָלט מען קיין תשובה טאָן.

דאָך — זאָגט דער רבי ר׳ הירש אלימלך אין „אגרא דפרקא" — ווען ער וואָלט יאָ תשובה געטאָן וואָלט זיין תשובה אָנגענומען געוואָרען, ווייל די חז״ל זאָגען (פסחים פ״ו) „כל מה שיאמר לך בעל הבית עשה חוץ מצא"...

(רבי ר׳ הירש אלימלך דינאָווער זצ״ל)

## מען דאַרף נישט פאַרצווייפלען

דער רבי ר׳ בונם פון פשיסכע זצ״ל האָט געטייטשט: „יאוש שלא מדעת" (ב״מ כ״א), יאוש, דער וואָס פאַלט אַריין אין יאוש, אין פאַרצווייפלונג, איז שלא מדעת, איז אַ סימן אַז ער איז נישט ביים ריכטיגען דעת און האָט קיין שכל נישט.

(רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ״ל)

## ביינאַכט און בייטאָג

אויב אַ מענטש טוט אַן עבירה ביינאַכט, וועט ער האָבען חרטה בייטאָג.
(בשם צדיק אחד)

# תפלה

## דער הייליגער עקסטאַז פון תפלה

דער בעש"ט הקדוש זצ"ל ווען ער האָט געדאַוונט איז ער געווען אַזוי עקזאַלטירט און דורכגעברענט פון די ווערטער פון די תפלה, אַז ער האָט זיך איינמאָל אויסגעדריקט: עס איז נאָך אַ נס וואָס נאָך תפלה טאָן לעבט נאָך דער גוף פון מענטש און די נשמה איז נישט אויסגעגאַנגען פון גרויס דבקות און התלהבות.

(בעל שם טוב הקדוש זצ"ל)

## דאַווענען געלאַסען

אַ מקורב האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי'ן ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ"ל, פאַרוואָס ער דאַוונט אַזוי פאַמעלעך. האָט ער אים געענטפערט: די אותיות פון די תפילות זיינען ביי מיר ווי הייסע קוילען, איז מיר שווער צו כאַפּען און אַרונטערשלינגען.

(רבי ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ"ל)

## אלו ואלו דברי אלקים חיים

עס זיינען פאַראַן צוויי וועגען וויאַזוי צו דאַווענען, אוןביידע אופנים זיינען לשם שמים:

די וואָס דאַווענען שנעל און יאָגען זיך, איז עס דערפאַר ווייל זיי זיינען שטאַרק אויסגעהונגערט נאָך תפילות, און פון גרויס אַפּעטיט שלינגען זיי די ווערטער איינס נאָכ'ן אַנדערען.

עס זיינען ווידער פאַראַן אַנדערע וועלכע דאַווענען פאַמעלעך, וואָרט ביי וואָרט. אויך זיי טוען דאָס פון גרויס ליבשאַפט צום רבונו של עולם. עס איז זיי ממש אַ שאָד אַרויסצולאָזען דאָס וואָרט פון מויל, דעריבער צעקייען זיי יעדעס וואָרט באַזונדער.

(רבי ר' יצחק סטרעטינער זצ"ל)

## וואָס גרעסער, אַלץ שטילער

אין עבודת השם זיינען פאַראַן פאַרשידענע מדריגות, און וואָס גרעסער און העכער דער מענטש איז, אַלץ שטילער און איינגעהאַלטענער איז ער.

דאָס איז דער טייטש פון דעם וואָס מען זאָגט ביים דאַווענען:

„בפי ישרים תתרומם, ובשפתי צדיקים תתברך, ובלשון חסידים תתקדש, ובקרב קדושים תתהלל": בפי ישרים תתרומם — דער פשוט'ער איש ישר דאַוועגט מיט'ן מויל, הילכיג, בקול רם; ובשפתי צדיקים תתברך — ביים צדיק באַוועגען זיך קוים די ליפּען; ובקרב קדושים תתהלל — ביים קדוש, וועלכער איז ביי דער העכסטער מדריגה, איז די תפלה „בקרב" אינעווייניג, באַהאַלטען...

(רבי ר' ישראלטשע ריזשינער זצ"ל)

## די תפלה וואָס רייניגט

ווען דער בעל צמח צדק זצ"ל איז געווען אויף יחידות מיט איינעם פון זיינע געהויבענע חסידים, האָט ער געזאָגט: זוהר דערהויבט דאָס נפש; מדרש דערקוויקט דאָס האַרץ; תהלים מיט טרערן וואַשט אויס די כלי...

(דער ליובאַוויטשער רבי זצ"ל)

## די שפּראַך פון באַשעפער

דער רבי ר' מענדעלע קאָצקער זצ"ל פלעגט אויסשטיין פריער פון אַלע מתפללים שמונה עשרה. אין צווישען צייט פלעגט ער אַריינקוקען אין אַ ספר. האָט אים אַמאָל אַ שאַרפער חסיד אַ פרעג געטאָן: רבי, וואָס עפּעס אַזוי גיך? תפלה איז דאָך במקום קרבנות.

דערויף האָט אים דער קאָצקער געענטפערט: דער חילוק פון תורה און תפלה איז אָט וואָס: ווען דו ביזט מתפלל רעדסטו צום רבונו של עולם, און דו ווילסט ער זאָל דיך הערן. אָבער ווען דו לערנסט תורה, דעמאָלט רעדט השי"ת צו דיר און דו הערסט זיין שטים. טאָ זאָג מיר, וועמענס שטים איז וויכטיגער?

(רבי ר' מענדעלע קאָצקער זצ"ל)

## עסען צוליב דאַווענען

ווען די שוויגער פונעם אַלטען ליובאַוויטשער, דעם צמח צדק זצ"ל איז קראַנק געוואָרען און נישט געוואָלט טועם זיין פאַר'ן דאַווענען, האָט ער צו איר געזאָגט: „בעסער עסען צוליב דאַווענען, איידער דאַווענען צוליב עסען"...

(היום יום)

## שלינגט די ווערטער

מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם „חוזה" דעם רבי פון לובלין זצ"ל,

פאַרוואָס ער כאַפּט שנעל די תפילות און ער שלינגט ממש די ווערטער? האָט ער געענטפערט: די ווערטער זיינען מיר ליב און זיס, און עס איז מיר פשוט אַ שאָד זיי צו צעקייען, דעריבער כאַפּ איך זיי שנעל אין מויל אַריין און שלינג זיי גלייך אַרונטער...

(דער חוזה פון לובלין זצ״ל)

## אַ קרעכץ

דער רבי ר׳ מענדעלע פון קאָצק זצ״ל האָט אַמאָל געזאָגט: די גאַנצע וועלט האָט נישט די ווערט אַז מען זאָל אויף איר אַ קרעכץ טאָן.

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## איבערוואַשען

אויף די ווערטער „ביה אנא רחיץ״, וואָס מען זאָגט אין דער תפלה „בריך שמיה״ פאַר קריאת התורה, האָט רבי אהרן קאַרלינער זצ״ל געזאָגט: אין אים קען איך זיך איבערוואָשען...

(רבי ר׳ אהרן קאַרלינער זצ״ל)

## קיין קללות

דער מיטעלער ליובאַוויטשער רבי האָט אַמאָל געזאָגט וועגען זיין פאָטער דער רב זצ״ל: אַז דער טאַטע לייענט די קללות פון דער תוכחה, הערט זיך נישט קיין קללות...

(ליובאַוויטשער רבי זצ״ל)

## פאַרוואָס ער דאַווענט שפּעט

אַ מקורב האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי׳ן ר׳ בונם פון פשיסחא זצ״ל פאַרוואָס ער דאַווענט שפּעט אין טאָג אַריין? האָט אים דער רבי געגעבען דערויף די פאָלגענדע תשובה: דער מענטש האָטביינער וואָס שלאָפען נאָך בשעת דער מענטש איז שוין וואַך. און עס שטייט געשריבען „כל עצמותי תאמרנה ה׳ מי כמוך״. דאָס הייסט אַלע ביינער דאַרפען תפלה טאָן. וויל איך וואַרטען ביז אַלע מיינע עצמות וועלען זיין וואַך, און ערשט דעמאָלט וועל איך זיך אַוועקשטעלען דאַווענען...

(רבי ר׳ בונם פשיסחער זצ״ל)

## דער אידישער קרעכץ

אַ חסיד האָט זיך אַמאָל באַקלאָגט פאַר דעם בעלזער רבי׳ן ר׳

שלום זצ״ל און געזאָגט: רבי, דער רבונו של עולם שיקט מיר דאָך צו יעדע וואָך אַז איך זאָל קענען מאַכען שבת, נאָר ער העלפט מיר ערשט דאָנערשטאָג. פון זונטאָג ביז דאָנערשטאָג ווער איך אומזיסט פאַרשוואַרצט. זייט מתפלל איך זאָל האָבען אויף שבת באַלד זונטאָג, וועל איך במשך אַ גאַנצע וואָך קענען בעסער דינען דעם אויבערשטען און האָבען אַ קלאָרען קאָפּ מתפלל צו זיין און צו לערנען.

דערויף האָט אים דער בעלזער רבי געענטפערט: שוטה איינער, דער רבונו של עולם וויל נישט אַזוי דיינע תפלות און דיין לערנען ווי ער וויל דיין קרעכץ...

(רבי ר׳ שלום בעלזער זצ״ל)

## דאָס שרייען ביים דאַוונען

אַ מתנגד האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי׳ן ר׳ אהרן קאַרלינער זצ״ל, פאַרוואָס זיינע חסידים שרייען אַזוי שטאַרק ביים דאַוונען.

דערויף האָט דער קאַרלינער געענטפערט: מען דאַרף תמיד שרייען ביים דאַוונען. ממה נפשך: שרייט זיך, איז דאָך גוט, מסתמא גיט עס אַ ברי אַ ציפּ ביי דער נשמה. אלא ווידער שרייט זיך נישט, דאַרף מען דאָך זיכער שרייען פאַרוואָס עס שרייט זיך נישט, שרייט מען אַזוי לאַנג ביז עס שרייט זיך שוין ממילא.

(רבי ר׳ אהרן קאַרלינער זצ״ל)

## פאַר וועמען ער דאַוונט

ר׳ ישראלטשע ריזשינער זצ״ל האָט אַמאָל געפרעגט דעם צאַנזער רבי׳ן ר׳ חיים זצ״ל: פאַרוואָס דאַוונט איר אַזוי אָפט פאַר׳ן עמוד?

האָט אים דער צאַנזער רב געענטפערט: ווער זאָגט אַז איך דאַווען פאַר׳ן עמוד? איך דאַווען פאַר׳ן רבונו של עולם...

(רבי ר׳ חיים צאַנזער זצ״ל)

## קערן מיט רחמים

דער ראָפּשיצער רב ר׳ נפתלי זצ״ל האָט געזאָגט: מיר זאָגען אין דער קדושה „ממקומו הוא יפן ברחמיו לעמו״ — יפן איז דער טייטש „ער זאָל זיך קערן צו אונז״ — „קערען״ אין אידיש באַדייט אויך „אויסקערן״. איז דען פאַראַן בעזימער אין הימעל צו קערן? נאָר, מיר בעטען כביכול זאָל פון זיין אָרט „קערן״ אויף אונז רחמים...

(רבי ר׳ נפתלי ראָפּשיצער זצ״ל)

## מיט אַלע איברים

דער רבי ר׳ משה קאָברינער זצ״ל האָט געטייטשט: „בא אתה וכל ביתך אל התיבה״, ווען דו ביזט מתפלל און דו זאָגסט אַ וואָרט פאַר השם יתברך זאָלסטו אַריין מיט אַלע איברים אין דעם וואָרט אַריין, און לעב איבער אַלץ וואָס דו זאָגסט...

(רבי ר׳ משה קאָברינער זצ״ל)

## מיט ביידע פיס

אַ מקורב האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי׳ן ר׳ מענדעלע פון קאָצק זצ״ל, פאַרוואָס די חסידים לויפן אָפטמאָל אַרום בשעת׳ן דאַווענען, די גמרא זאָגט דאָך: „המתפלל צריך שיכוון את רגליו״ (ברכות ל״א) — דאַרף מען דאָך לויט דעם מאמר שטיין אויסגעגלייכט ביים דאַווענען?

דערויף האָט דער קאָצקער געענטפערט: „שיכוון את רגליו״ מיינט מיט ביידע פיס, ווייל אַמאָל קען מען מיט איין פוס שטיין אין הימעל און מיט׳ן אַנדערן אין שאול תחתיה ר״ל...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## דאָס מתיקות פון דאַווענען

וועגן רבי׳ן ר׳ אלימלך פון ליזשענסק זצ״ל ווערט דערציילט, אַז בשעת ער האָט געזאָגט „כתר״ האָט ער געקוקט אויפ׳ן זייגער. אויף דער פראַגע פון די מקורבים פאַרוואָס ער טוט דאָס, האָט ער געענטפערט, אַז ער קוקט אויפ׳ן זייגער, ווייל בשעת ער זאָגט אַזעלכע הייליגע ווערטער פילט ער אַזאַ שטאַרקע מתיקות, אַז ער האָט מורא אַז צוליב דער אומגעהויערער זיסקייט זאָל די נשמה נישט אויסגיין. דעריבער פון גרויס התפעלות מוז ער קוקן אויף אַ גשמיות׳דיגען געגענשטאַנד, און דערפאַר קוקט ער אויפ׳ן זייגער כדי צו קאָנען דערהאַלטען זיין גוף און די נשמה זאָל נישט אויסגיין פון גרויס מתיקות.

(רבי ר׳ אלימלך פון ליזשענסק זצ״ל)

## וואָס ווייסט דען דער מענטש?

אַ חסיד האָט זיך אַמאָל באַקלאָגט פראַ׳ן ריזשינער זצ״ל, אַז ער איז אַ גרויסער בעל יסורים און צוליב די שווערע ליידען און מאַטערנישען וואָס ער מאַכט דורך איז ער נישט אימשטאַנד צו דינען דעם אויבערשטען ווי עס דאַרף צו זיין, די יסורים זיינען אים מבטל פון תורה לערנען און

פון דאַווענען, בעט ער דעריבער דעם רבי׳ן ער זאָל מתפלל זיין, אַז ער זאָל נישט זיין קיין בעל יסורים.

דערויף האָט אים דער צדיק געענטפערט: פון וואַנען ווייסטו וואָס דער אויבערשטער האָט ליבער, דיין תורה, דיין דאַווענען, אָדער גאָר דיינע יסורים?...

(רבי ר׳ ישראלטשע ריזשינער זצ״ל)

## פיהלען דאָס דאַווענען

דער רבי ר׳ אשר סטאָלינער זצ״ל האָט שטאַרק געהאַלטען פון דאַווענען מיט התלהבות און ברען. דעם אויסדרוק „פירוש המלות״ האָט ער געטייטשט ווערטערליך: „דאָס צעשפרייטעכץ פונעם וואָרט״ — מען דאַרף פילען יעדעס וואָרט אין אַלע איברים.....

(רבי ר׳ אשר סטאָלינער זצ״ל))

## דאַווענט פאַר׳ן דאַווענען

אַ מקורב האָט אַמאָל געפרעגט דעם צאַנזער רבי׳ן ר׳ חיים זצ״ל, וואָס ער טוט פאַר׳ן דאַווענען. האָט ער אים געענטפערט: פאַר׳ן דאַווענען — דאַווען איך!...

(רבי ר׳ חיים צאַנזער זצ״ל)

## אַז מען שאַרפט די זעג...

דער רבי ר׳ לייבעלע אייגער זצ״ל, וועלכער איז געווען אַן אייניקעל פון דעם באַרימטען גאון רבי עקיבא אייגער זצ״ל, האָט דערקלערט דעם טעם פאַרוואָס ער דאַווענט אין די שפּעטע שעה׳ן פון טאָג, אויף דעם פאָלגענדען אופן:

דער רמב״ם פסק׳נט, אַז אויב אַן אַרבייטער שאַרפט די זעג כמעט אַ גאַנצען טאָג, נאָר ווען עס קומט די לעצטע שעה פון טאָג נעמט ער זיך ערשט צו זעגען דאָס האָלץ, דאַרף אים דער בעל הבית באַצאָלען פאַר אַ גאַנצען טאָג אַרבעט...

(רבי ר׳ לייבעלע אייגער זצ״ל)

## אַ איד צום מנין

דער רבי ר׳ משה לייב סאַסאָווער זצ״ל האָט געזאָגט: ניין משה לייב׳ס זיינען נישט קיין מנין צו קענען דאַווענען בציבור, אָבער צען שניידערס קען מען יאָ מצרף זיין צו אַ מנין מתפלל צו זיין...

(רבי ר׳ משה לייב סאַסאָווער זצ״ל)

## אַז מען איז מתפלל העלפט השם יתברך

צום רבי'ן ר' מאירל פּרעמישלאַנער זצ"ל איז אַמאָל געקומען אַ איד און זיך באַקלאָגט פאַר אים אַז ער איז אין זייער אַ געדרוקטען מצב און ער האָט נישט מיט וואָס מפרנס צו זיין די פאַמיליע.

דערויף האָט אים ר' מאיר'ל געזאָגט: די חז"ל זאָגען „תפלה עושה מחצה" (ויק"ר). דער ווערטערליכער טייטש דערפון איז: תפלה, אויב דו וועסט תפלה טאָן און בעטען דעם באַשעפער, מחצה, וועט ער דיר העלפען, ווייל נאָר דער באַשעפער העלפט (מחצה)...

(רבי ר' מאירל פּרעמישלאַנער זצ"ל)

## דער קשר מיט'ן כלל ישראל

דער רבי ר' מעכעלע זלאָטשאָווער זצ"ל האָט געזאָגט: איידער איך שטעל זיך דאַווענען, פאַרבינד איך זיך מיט'ן כלל ישראל, מיט די גרעסערע פון מיר, אַז זיי זאָלען מיך מעלה זיין, און מיט די קלענערע פון מיר, כדי זיי זאָלען דורך מיר נתעלה ווערען...

(רבי ר' מעכעלע זלאָטשאָווער זצ"ל)

## אין וואָס מען דאַרף זיך איינהילען

ר' הערש פאַרציוועד, דער בעל תפלה אין קאָצקער הויף, האָט אַמאָל געזוכט זיין טלית אין בית המדרש, און האָט אים נישט געקענט געפינען. האָט דער רבי ר' הענעך אַלעקסאַנדערער אים געפרעגט: וואָס זוכסטו הערש? האָט אים ר' הערש געענטפערט אַז ער זוכט דעם טלית. „צי וואָס דאַרפסו אַ טלית?" — „האָט אים דער אַלעקסאַנדערער געפרעגט — „מען וויקעלט זיך איין אין ארבע כנפות הארץ, און מען דאַווענט"...

(רבי ר' הענוך פון אַלעקסאַנדער זצ"ל)

## דער שלום עליכם

דער רבי ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ"ל איז אַמאָל צוגעגאַנגען צו אַ איד וואָס האָט געגלאָצט מיט די אויגען און נישט באַוועגט מיט די ליפּען בשעת'ן דאַווענען שמונה עשרה, און געגעבען אים אַ ברייטען „שלום עליכם".

אויף דער פאַרוואונדערונג פון די אַרומיגע, וועלכע האָבען דאָס באַמערקט, האָט זיי דער באַרדיטשעווער דערקלערט אויף אַ סאַרקאַסטישען אופן: איך האָב באַמערקט אַז דער איד האָט בשעת'ן דאַווענען שמונה

עשרה אַרומגעשוועבט מיט די אויגען אַהין און אַהער, און כ'האָב פאַר־שטאַנען אַז מיט זיינע מחשבות איז ער געווען אויף פאַרשידענע ירידים, און געטראַכט וועגען זיינע געשעפטען. איצט, נאָכ'ן אויסגיין שמונה עשרה, איז ער דאָך צוריקגעקומען פון די שטעט אין וועלכע ער האָט אַרומ־שפּאַצירט בשעת'ן דאַווענען, קומט דאָך אים צו געבען שלום עליכם...

(רבי ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ"ל)

## אידישע טרערן

אַ אידענע איז אַמאָל געקומען צום רבי'ן ר' קלמיש ניישטעטער זצ"ל און געבעטען ער זאָל מתפלל זיין פאַר איר טאָכטער וועלכע איז געווען אַ מקשה לילד. אַלס אַ סגולה האָט דער רבי געגעבען פאַר דער אידענע אַ בעכערל מיט אַביסעל וואַסער, געהייסען אַראָפּטריפען עטליכע טראָפּענס אויף אַ שטיקעל צוקער און דאָס דערלאַנגען דער קימפּעטאָרין זי זאָל עס אויסטרינקען. די אידענע האָט אַזוי געטאָן, און אין אַ שעה אַרום איז זי געקומען צו גיין מיט אַ בשורה טובה אַז די טאָכטער איז געהאָלפען געוואָרען.

דער רבי האָט דערנאָך דערציילט פאַר די מקורבים: ווייסט איר וואָס פאַר אַ וואַסערל עס איז געווען אין דעם בעכערל? איך בין אַריין אין אַ חדר מיוחד און געזאָגט תהלים מיט גרויס געוויין. אָבער די טרערן זיינען נישט גערונען אויף די בלעטער פון תהלימ'ל, נאָר איך האָב זיי אַריינגעגאָסען אין דעם בעכערל. אָט דאָס איז געווען דאָס וואַסערל וואָס איך האָב געהייסען געבען דער קימפּעטאָרין — דאָס האָט געהאָלפען, ווייל אידישע טרערן מוזען העלפען...

(רבי ר' קלמיש ניישטעטער זצ"ל)

## דאַווענען היילט

דער רבי ר' בונם זצ"ל פון פשיסחא האָט געזאָגט: אַז אַ מענטש האָט אַ בייז האַרץ, זאָל ער עס „אויסלאָזען" צום דאַווענען...

(רבי ר' בונם פשיסחער זצ"ל)

# צדקה

## געלט איז נישט אייביג

דער רבי ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ״ל, ווען ער האָט גערעדט וועגען די גבירים וועלכע גיבען נישט קיין צדקה, נאָר האַלטען אין איין זאַמלען געלט, האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט: „אין די תכריכים זיינען נישטאָ קיין קעשענעס״...

(רבי ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ״ל)

## אַ פולע און אָפענע האַנט

ביים בענטשען זאָגט מען: „ונא אל תצריכנו ד׳ אלוקינו לא לידי מתנת בשר ודם, כי אם לידך המלאה הפתוחה״ — נאָר ביי דיר, באַשעפער, איז די האַנט גלייכצייטיג „מלאה ופתוחה״ (פול און אָפען), וואָרים די האַנט פון אַ בשר ודם, אויב זי איז „מלאה״ (פול) איז זי ליידער נישט „פתוחה״ (אָפען); און אויב זי איז „„פתוחה״ (אָפען) איז זי נישט „מלאה״ (פול), ווייל אָרימע לייט האָבען נאָר בלויז גוטע הערצער און „אָפענע״ הענט, אָבער נישט קיין „פולע״ הענט...

(רבי ר׳ משה דוד טשאַרטקאָווער זצ״ל)

## ווען מען דאַרף זיין אַ משכיל

פאַראַן אַ סך פרומע אידען וועלכע גיבען צדקה, נאָר ווען זיי באַמערקען אַז דער אָרימאַן איז נישט מדקדק אין מצוות, אַנטזאָגען זיי זיך אים צו העלפען. וועגען די דאָזיגע אידען קען געניצט ווערען דער פסוק: „אשרי משכיל אל דל״ — דאָס מיינט, ווען עס קומט צו דיר אַן אָרימאַן, לייג אַוועק די פרומקייט אין אַ זייט און ווער אַ „משכיל״ וועלכער קוקט נישט נאָך צי יענער איז פרום און איז מדקדק במצוות...

(בשם צדיק אחד)

## צוערשט דיינס — דערנאָך מיינס

די חב״ד׳ער חסידים זיינען געווען אַזוי דורכגענומען מיט אהבת ישראל, אַז איין חסיד האָט געזאָגט צום אַנדערן:

„דאָס שטיקעל ברויט וואָס איך האָב, איז דיינס, פונקט ווי מיינס״ — זיי האָבען צוערשט געזאָגט „דיינס״, און דערנאָך „מיינס״...

## דער סימן פון אַ איד

אַ איד דאַרף האָבען אין זיך די סימנים פון אַ בהמה טהורה: „מעלה גרה", פון לשון „עשרים גרה השקל" — דאָס הייסט ער זאָל „מעלה" זיין — דערהייבען — זיין געלט פאַר צדקה; און „מפריס פרסה" פון לשון „פרוס לרעב לחמך" — ער זאָל אויך געבען פאַר אָרימעלייט צו עסען...

(בשם צדיק אחד)

## יענעמס צער — דער אייגענער

דער רבי ר' יצחק'ל וואורקער זצ"ל האָט געטייטשט דעם מאמר חז"ל „לא ששתי בתקלת חבירי" (מגילה כ"ח) — איך האָב זיך נישט געפרייט ווען מיין חבר איז געשטרויכעלט געוואָרען — אויף דעם פאָלגענדען אופן: „לא ששתי" — איך האָב נישט געקענט זיין בשמחה און גוט אויפ־געלייגט, אפילו ווען איך האָב געהאַט אַ פערזענליכע שמחה, אויב נאָר עס איז געווען „בתקלת חבירי" — אַז מיין חבר האָט געלעבט אין אַ שלעכטען מצב, אויב ער איז נישט געזונט געווען, אָדער ער האָט זיך געפונען אין דחקות, דעמאָלט האָב איך שוין נישט געקענט זיין בשמחה נאָר מיטגעפילט יענעמס צער...

(רבי ר' יצחק'ל וואורקער זצ"ל)

## פאַרוואָס ער קען נישט שלאָפען

דער רבי ר' משה לייב סאַסאָווער זצ"ל פלעגט צעטיילען דאָס גאַנצע געלט וואָס ער האָט פאַרמאָגט אויף צדקה. ער פלעגט וועגען דעם זאָגען: אויב עס בלייבט ביי מיר עפּעס געלט איבער נאַכט קען איך נישט שלאָפען...

(רבי ר' משה לייב סאַסאָווער זצ"ל)

## דער צדיק און דער רשע

אין משלי שטייט „צדיק אוכל לשובע נפשו, ובטן רשעים תחסר (משלי י"ג כ"ה) — דער צדיק עסט ביז ער ווערט זאַט, און דער בויך פון די רשעים איז ליידיג.

האָט אַ פאַרצייטישער צדיק אויסגעטייטשט דעם פסוק אויף דעם פאָלגענדען אופן: אַ צדיק, אַן ערליכער מענטש, אַז ער האָט רחמנות אויפ'ן אָרימאַן און בעט אים אַהיים צו זיך און זעצט זיך צוזאַמען מיט אים ביי איין טיש, באַמיט ער זיך צו עסען וואָס מער כדי דער גאַסט

זאָל זיך נישט שעמען, און אויך ער זאָל עסן. דאַקעגען אַ רשע אַ שלעכטער מענטש, עסט זיך פריער גוט אָן, און ווען ער זיצט מיט דעם אָרימאַן ביי איין טיש עסט ער וואָס ווייניגער כדי דער אורח זאָל זיך אויף אים פאַרקוקען און אויך ער זאָל ווייניגער עסן...

## אַ טאָפּעלטע נדבה

דער יוד הקדוש איז אַמאָל געווען אויף אַ באַזוך אין אַ געוויסער שטאָט, האָט מען אים איבערגעגעבן אַז אין דער שטאָט געפינט זיך אַ חשוב׳ער איד, וועלכער איז אַמאָל געווען רייך און איצט איז ער אַן אָרימאַן. האָט דער יוד הקדוש געשיקט רופען צו זיך דעם אָרימאַן און אים איבערגעלאָזט אַ באַדייטענדע מטבע. איידער ער איז אַוועקגעפאָרען פון שטאָט, האָט דער איד הקדוש אַ צווייט מאָל געשיקט רופען דעם חשוב׳ען אָרימאַן און אים אַריינגעשטעקט נאָך אַ גרעסערע סומע.

אויף דער פראַגע פון דעם אָרימאַן פאַרוואָס דער רבי האָט אים אַ צווייט מאָל געגעבן אַזאַ באַדייטענדע נדבה, האָט דער רבי געענטפערט: די ערשטע נדבה האָב איך דיר געגעבן, ווייל אַזוי האָט מיר דיקטירט דאָס רחמנות געפיל וואָס לעבט אין יעדען אידישען האַרץ. די צווייטע נדבה שענק איך דיר כדי מקיים צו זיין די מצות עשה פון דער תורה „נתון תתן לו״ — דו זאָלסט אים געבען!

(דער יוד הקדוש זצ״ל)

## אַז מ׳גיט נישט צו עסען...

צום צאַנזער רבי׳ן ר׳ חיים האַלבערשטאַם זצ״ל פלעגען קומען אויף יום טוב פיל חסידים. איינמאָל האָט דער רבי אַ פרעג געטאָן זיינס אַ געהויבענעם חסיד, אויב דער משמש האָט אים געגעבען גענוג עסען.

„ווייס איך וואָס״ — האָט דער חסיד מיט ביטול געענטפערט — „איך בין נישט געקומען אַהער עסען״.

„זעהסטו״ — האָב רבי חיים שמייכלענדיג געזאָגט — „אויב די נשמה קומט נישט אַהער אויף דער וועלט, כדי צו עסען, און דאָך אַז מען גיט איר נישט צו עסען אַנטלויפט זי״...

(רבי ר׳ חיים צאַנזער זצ״ל)

## די עיקר עבודה בעיקבתא דמשיח

רבי שניאור זלמן שניאורסון דער בעל ה„תניא״ זצ״ל האָט שטאַרק אַגיטירט אַז מען זאָל שיקען וואָס מער צדקה געלט קיין ארץ ישראל,

אויסצוהאַלטען די ערליכע אידען וואָס ליידען דאָרט נויט. צווישען אַנדערען האָט ער געשריבען: כל עיקר עבודת ד׳ בעתים הללו בעקבות דמשיחא היא עבודת הצדקה — די הויפט געטליכע אַרבעט אין די דאָזיגע צייטען — די צייטען פון משיח — דאַרף זיין די אַרבעט פון צדקה.
(אגרת הקודש)

## ווען מען דאַרף אָנקומען צו אַ מענטש

די גמרא זאָגט אין מסכת פסחים (דף קי״ח) „קשים מזונותיו של אדם כקריעת ים סוף״ — די שפייז פון מענטש קומט אָן אַזוי שווער ווי שפּאַלטען דעם ים. „קשים מזונותיו — שווער זיינען די מזונות, אויב מען דאַרף נאָך די דאָזיגע מזונות אָנקומען צו אַ צווייטען מענטש...
(רבי ר׳ יחיאל מאיר גאסטינינער)

## געבען און רעדען

אַ גביר האָט זיך אַמאָל באַרימט פאַר׳ן צאַנזער רבי׳ן ר׳ חיים האַלבערשטאַם זצ״ל, דער בעל „דברי חיים״ מיט די טויזענטערס וואָס ער גיט אַוועק פאַר צדקה צוועקען, און דערביי האָט ער יעדעס מאָל באַטאָנט דאָס אידישע ווערטעל: „נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין״...
דערויף האָט אים דער צאַנזער רב געזאָגט: זאָל עס יאָ זיין אויס־גערעדט. רעד וויפיל דיין האַרץ גלוסט, אָבי גיב, גיב וואָס מער...
(רבי ר׳ חיים צאַנזער זצ״ל)

## נישט קרעכצען, נאָר געבען

ווען עס קומט צו דיר אַן אָרימאַן און ער בעט טאָז דו זאָלסט אים העלפען, זאָג נישט קיין תירוצים. דאָס איז די כוונה פון פסוק: „ואל ירע לבבך בתתך לו״ (ראה ט״ו, י׳) — זאָלסט נישט קרעכצען, זיפצען און קלאָגען אויף דיינע שלעכטע געשעפטען דווקא דעמאָלט ווען דער אָרימאַן פאַרלאַנגט זאָלסט אים געבען שטיצע.....
(רבי ר׳ אשרל רימאַנאָווער זצ״ל)

## אַ טאָפּעלטער קדוש

אין שטעטעל דזשיקאָוו איז געווען אַ קאַרגער גביר, וועלכער האָט זיך שטענדיג אָפּגעזאָגט צו געבען צדקה. דאַקעגען האָט ער שטאַרק ליב געהאַט דאָס ברעטעל און זיך געשטופּט כסדר צום עמוד דאַווענען, הגם ער האָט נישט געקענט עפענען דאָס מויל.

האָט דער רבי ר' יהושע'לע דזשיקאָווער זצ"ל געזאָגט וועגן אים: דער דאָזיגער איד איז אַ טאָפּעלטער קדוש, ווייל די גמרא זאָגט אין מסכת חולין (דף ז') ישראל קדושים הם, יש שיש לו ואינו רוצה, ויש שאין לו ורוצה" — אידען זיינען הייליג: פאַראַן אַזעלכע וואָס האָבען געלט און ווילען נישט טאָן דערמיט קיין גוטס, און פאַראַן אַזעלכע וואָס ווילען טאָן גוטס נאָר זיי קענען נישט. דער דאָזיגער גביר — האָט דער רבי אויסגעפירט — איז, לויט דער גמרא, אַ צווייפאַכיגער קדוש, ווייל ווען עס קומט צו צדקה איז ער אַ „יש לו ואינו רוצה" — ער האָט און וויל נישט געבען; און ווען עס האַנדעלט זיך וועגן דאַווענען פאַר'ן עמוד איז ער אַ „רוצה ואין לו" — ער וויל, נאָר ער קען געבעך נישט...

(רבי ר' יהושע'לע דזשיקאָווער זצ"ל)

## האָניג פון אַ בין

דאָס אָנקומען נאָך ברויט צו אַ בשר ודם, איז פונקט ווי אָנקומען נאָך האָניג צו דער בין.ביים באַקומען דאָס ביסעל האָניג פון דער בין איז מען אויסגעשטעלט צו ווערען געביסען און צו ליידען יסורים...

(רבי ר' נפתלי ראָפּשיצער זצ"ל)

## רחמנות אַ מיטעל קעגען פאַרברעכען

עס שטייט אין פוסק: „יחוס על דל ואביון ונפשות אביונים יושיע" מתוך ומחמס יגאל נפשם" (תהלים ע"ב, י"ג־י"ד) — אויב דו וועסט רחמנות האָבען אויף דעם אָרימען און אונטערדריקטען, וועט עס ממילא קומען דערצו אַז „מתוך ומחמס יגאל נפשם" — אַז דו וועסט דערמיט פאַרהיטען אַז זיי זאָלען קיינעם נישט באַרויבען און באַ'עוולה'ן...

(רבי ר' זושא האַניפּאָלער זצ"ל)

## אַ רחמנות אויפ'ן רחמנות'לאָזען

די גמרא זאָגט (ברכות דף ל"ג) „מי שאין בו דעת אסור לרחם עליו" — דער וואָס האָט נישט קיין דעת, טאָר מען זיך נישט דערבאַרעמען אויף אים. אויף אַזאַ איינעם איז פאַקטיש דער רחמנות זייער גרויס, ווייל די תורה אַליין הייסט נישט קיין רחמנות האָבען אויף אים...

(רבי ר' מענדעלע קאָצקער זצ"ל)

# מעשים טובים און מידות טובות

## לא המדרש עיקר

דער בעל שם טוב הקדוש זצ״ל האָט אַמאָל געזען אַ למדן וועגען וועלכען ער האָט געוואוסט אַז ער איז אַ קנאַפּער ירא שמים און אַ שטיקעל אפיקורס, ווי ער זיצט פאַרטיפט אין לערנען. האָט ער געזאָגט וועגען אים צו זיינע מקורבים: זעט איר, אָט דער מענטש איז אַזוי פאַרטיפט און פאַרנומען מיט זיין תורה, אַז ער האָט אפילו פאַרגעסען אַז עס איז דאָ אַ באַשעפער אויף דער וועלט...

(בעל שם טוב הקדוש זצ״ל)

## פייניגען דאָס געוויסען

עס שטייט (פרש תאמור כ״ג, כ״ז) „ועניתם את נפשותיכם" — אַ לשון רבים. ווייל מען מיינט דערמיט צו זאָגען אַז דער מענטש זאָל זיך נישט אַרומדרייען קיין צופרידענער מיט זיין געוויסען. נאָר אַ חוץ דעם תענית וואָס ער פאַסט כדי צו פייניגען דעם קערפּער, זאָל ער אויך פייניגען זיין געוויסען, די נשמה...

(רבי ר׳ ברוך מעזשיבעזשער זצ״ל)

## חסידישע עבודה

די גרעסטע עבודה אין עבודות השם, וויאַזוי צו דינען דעם באַשעפער און וויאַזוי צו לעבען אויף דער וועלט, איז באַזיצען די קונסט צו זיין:

אַ מתבודד צווישען מענטשען;

צו פאַסטען ביים עסען;

צו פילען דעם טעם פון גלגול שלג ווען מ׳ליגט אונטער די קאָלדרע...

(בשם צדיק אחד)

## גוף און נשמה

דער רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל האָט געטייטשט דעם פסוק (פרשת ואתחנן ד, ט׳): „השמר לך" — היט דיין גוף, היט אָפּ דיין גוף, פּאַס אויף אויף דיין געזונט. אָבער „ושמור נפשך מאוד" — נאָך מער דאַרפסטו היטען דיין נפש, די נשמה. זאָלסט שטאַרק היטען דיין נפש, ווייל דאָס איז דער עיקר!

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## קאַלט און וואַרעם

אַ חסיד האָט אַמאָל דערציילט פאַר ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל, אַז די טעכניק האָט דערגרייכט אַזאַ הויכע מדריגה, אַז מען קאָן זיך דערמיט באַנוצען אפילו פאַר עכט חסידישע צוועקען, און אַז עס איז שוין דער־פינדען געוואָרען אַ מאַשין וואָס קען אָנוואַרימען מקוואות.

אַז דער קאָצקער זצ״ל האָט אויסגעהערט די דאָזיגע נייעס, האָט ער מיט ביטול אַ זאָג געטאָן: יאָ, קאַלטע דורות דאַרפען הייסע מקוואות...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## טעאָריע און פּראַקטיק

דעם מאמר „אין חכם כבעל נסיון״ האָט דער ליובאַוויטשער רבי זצ״ל געטייטשט אויף דעם פאָלגענדען שאַרפזיניגען אופן:

אַ חכם איז דער וואָס פאַרוואַנדעלט זיין חכמה אויף נסיון, אויף פּראַקטיק, ד. ה. מען דאַרף זיין אַ חכם נישט נאָר במחשבה, נאָר אויך בפּועל ממש, מיט פּראַקטישע מעשים...

(רבי ר׳ יוסף יצחק שניאורסאָן זצ״ל)

## אין אַלעם קען מען זען אַ דרך אין חסידות

חסידים דערציילען, אַז דער רבי ר׳ נחומ׳טשע שטיפאַנעשטער זצ״ל האָט אַמאָל באַמערקט אַז אַ גרופּע יונגע חסידים שפּילען חנוכה ביינאַכט אין דאָמינאָ. האָט ער זיך צו זיי אָנגערופען: איהר ווייסט דען וויאַזוי מען שפּילט אין דאָמינאָ? איך וועל אייך אויסלערנען דעם שכל דערפון: מען גיט איינס כדי מען זאָל כאַפּען צוויי. — צוויי געננ מיטאַמאָל טאָר מען נישט גיין. — מען דאַרף גיין נאָר אַרויף אין נישט אַראָפּ. — אַז מען קומט שוין אַרויף, דעמאָלט גייט מען שוין וואו מען וויל...

(רבי ר׳ נחום שטיפאַנעשטער זצ״ל)

## די אייביגע שיינקייט

דער רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל האָט געטייטשט: „הנוי והנצח לחי עולמים״ — אַלע שיינע זאַכען, מענטשען אָדער געגענשטאַנדען, פאַרלירען זיי דאָס שיינקייט און וועגעטירען אין לויף פון דער צייט. אָבער די זאַכען וואָס זיינען גייסטיגע קנינים, ווי תורה און מעשים טובים, זיינען „לחי עולמים״, זיי לעבען שטענדיג און די שיינקייטען זיינען אייביגע...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## מען קען פון יעדען עפּעס לערנען

די קונסט פון שוויגען דעמאָלט ווען מען דאַרף, האָב איך גע־לערנט צוהערענדיג זיך צו די נוצלאָזע פּלוידערייען פון די פּלוידערער. די קונסט פון האָבען געדולד און אויסדויער האָב איך געלערנט צוקוקענדיג ווי לעכערליך עס זעט אויס דער וואָס איז אומגעדולדיג; און גוטע מידות בכלל האָב איך געלערנט זעענדיג ווי נאַריש און מיאוס עס זעען אויס די שלעכט־האַרציגע מענטשען...

(בשם צדיק אחד)

## אַ חסידיש זמר'ל וועגען פּאַרזיכטיגקייט

אין פּשיסכער הויף פּלעגט מען חנוכה שפּילען אין שאַך. און חסידים דערציילען אַז דער רבי ר' בונם אַליין פּלעגט אָנטייל נעמען אין די דאָזיגע שפּילען.

איינמאָל בשעת דעם שפּילען האָט ער זיך שטאַרק פאַר'דבקה'ט און געזאָגט אין גראַמען:

„אַז מען גייט אַ גאַנג,
זאָל מען זעהן עס זאָל נישט טאָן באַנג!"...

(רבי ר' בונם פּשיסחער זצ"ל)

## מענש

אין די לעצטע יאָרען פון זיין לעבען האָט דער רבי ר' מענדעלע קאָצקער זצ"ל זיך אַמאָל אויסגעדריקט: מיין איינציגע שטרעבונג איז, אַז איך זאָל האָבען די מעגליכקייט מחבר צו זיין דאָס קלענסטע ספר'ל וואָס זאָל זיין די גרויס פון איין זייטל פּאַפּיר און הייסען זאָל דאָס ספר'ל: „אדם" — מענטש!

(רבי ר' מענדעלע קאָצקער זצ"ל)

## מ'דאַרף קענען אויסנוצען די צייט

יעדע רגע, יעדע שעה, יעדער טאָג און יעדע וואָך דאַרף אויס־גענוצט ווערען אויף גוטע און צוועקמעסיגע זאַכען. דאָס איז דער פשט „ומבני יששכר יודעי בינה לעתים" (ד"ה א') — זיי האָבען פאַרשטאַנען די קונסט פון אויסנוצען די צייט און זיי האָבען געוואוסט ווי טייער און ווי וויכטיג צייט איז...

(רבי ר' בונם פּשיסכער זצ"ל)

## מענשליכקייט איז דער פרובירשטיין פון תורה

דער רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל האָט געזאָגט: עס איז אָנגענומען אַז מחברים שרייבען אַ הקדמה צו זייערע חיבורים, ווייל עס איז פאַראַן אַ מאמר החכם אַז אַ ספר אָן אַ הקדמה איז פונקט ווי אַ גוף אָן אַ נשמה. די תורה איז דאָך דער ספר הספרים, טאָ וועלכעס איז די הקדמה צו דער תורה?

נאָר — האָט דער קאָצקער זצ״ל פאַרגעזעצט — די הקדמה צו דער תורה איז דרך ארץ, פיינע עטישע באַנעמונג, ווייל „דרך ארץ קדמה לתורה״ — דרך ארץ איז די הקדמה צו דער תורה. פונקט ווי ביי אַ ספר ווייסט מען דעם אינהאַלט לויט דער הקדמה, אַזוי קען מען וויסען ווי איינער האַלט אין תורה, לויט דער מאָס פון דרך ארץ וואָס ער באַזיצט...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## מעשיות וואָס וועקען אויף

דער רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל איז געווען אַ גרויסער בעל סיפור פון מעשיות, אין וועלכע עס זיינען געלעגען פאַרבאָרגען טיפע סודות התורה. איינמאָל האָט ער אין אַ שמועס מיט זיין תלמיד געזאָגט: די וועלט זאָגט אַז מעשיות זיינען גוט איינצושלעפערן. און איך זאָג, אַז מיט מעשיות וועקט מען אויף מענטשען פון שלאָף...

(רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל)

## גלייך איז קרום

דער רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל האָט אַמאָל געזאָגט: נישטאָ קיין גלייכערע זאַך ווי אַ לייטער וואָס שטייט קרום; נישטאָ קיין קרומערע זאַך ווי אַ גלייכווערטעל; און נישטאָ קיין גאַנצערע זאַך ווי אַ צעבראָכען האַרץ...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## געזאָגט און געטאָן

„הוא הי׳ אומר״ — איז דער פשט, אַז דאָס וואָס ער אַליין איז געווען אין לעבען, האָט ער געזאָגט אַז אַנדערע זאָלען טאָן. דאָס וואָרט און די טאַט איז געווען איינס. נישט געפּרעדיגט נאָר פאַר אַנדערע און אַליין געטאָן פונקט פאַרקערט...

(בשם צדיק אחד)

## מענטשליך־הייליג

דער רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל האָט אַמאָל געטייטשט: „ואנשי קודש תהיו לי״ (משפטים כ״ב, ל׳) — איר זאָלט זיין מענטשליך הייליג...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## גוטע מידות אנשטאט פאסטען

דער מענטש וואָס האַלט אין איין פאַסטען און טוט זיך אָן סיגופים און פייניגט זיין קערפער, אנשטאַט אויסצואיידלען און אויסצובעסערן זיינע שלעכטע געוואוינהייטען, איז געגליכען צו יענעם דאָרפישען פּראָסטאַק וואָס זיצט תמיד אין שענק און דאָס פערד זיינס האַלט ער אינדרויסען צוגעבונדען צו דער וואַנט און לאָזט עס אויסהונגערן...

(רבי ר׳ ברוך מעזשיבוזשער זצ״ל)

## רעדען און טאָן

נישט אַלע וואָס רעדען וועגען מידות טובות, באַנוצען זיך מיט מידות טובות...

(אַ חסידיש וואָרט)

## פון יעדען קען מען אָבלערנען אַ דרך אין אידישקייט

דער רבי ר׳ בער, דער מעזעריטשער מגיד זצ״ל האָט געזאָגט: אַ איד קען זיך אָפּלערנען אַ מוסר השכל אין אידישקייט אפילו פון אַ קינד, און אפילו פון אַ גנב.

פון אַ קינד קען מען זיך אָפּלערנען 3 זאַכען:

1) אַ קינד איז שטענדיג פריילּיך און גוט אויפגעלייגט;

2) אויב עס פעלט עפּעס פאַר דעם קינד, דאַן וויינט עס;

3) אַ קינד זיצט קיינמאָל נישט ליידיג, נאָר איז שטענדיג טעטיג.

פון אַ גנב קען מען זיך אָפּלערנען 6 זאַכען:

1) ער אַרבעט אפילו שפּעט ביינאַכט;

2) אויב עס איז נישט געלונגען איין מאָל, רעזיגנירט ער נישט, נאָר ער פּרובירט נאָך אַמאָל;

3) ער האַלט זיך ביי זיין „פּראָפעסיע״ און טוישט נישט זיין אומנות;

4) אַלע גנבים האָבען זיך געגענזייטיג ליב איינער דעם צווייטען;

5) ער איז אימשטאַנד זיך מוסר נפש צו זיין אפילו צוליב אַ קלייניגקייט;

6) ווען ער קריגט קלעפּ ער זאָל זיך מודה זיין, האַלט ער זיך ביי דאָס זייניגע, און טענה'ט אַז ער ווייסט נישט פון גאָרנישט...

(דער רבי ר' בער פון מעזריטש זצ"ל)

## נישטאָ וואָס מקנא צו זיין

דער מענטש וואָס איז מקנא יענעם, — איז אים נישטאָ וואָס מקנא צו זיין...

(בשם צדיק אחד)

## דער זעקסטער שולחן ערוך

דער רבי ר' משה קאָברינער זצ"ל האָט אַמאָל געזאָגט: די וועלט זאָגט אַז צו די ארבעה חלקי שולחן ערוך פעלט נאָך איין חלק אין וועלכען עס זאָל אָנגעוויזען ווערען וויאַזוי זיך אויפצופירען מיט מענטשען, — בין אדם לחבירו — (לעולם יהא אדם!). אָבער איך זאָג, אַז עס פעלט גאָר אַ זעקסטער חלק. און דאָס איז: וויאַזוי זיך צו באַציען און וויאַזוי צו האַנדלען דעמאָלט ווען מען קומט אין באַרירונג מיט אוממענטשען...

(רבי ר' משה קאָברינער זצ"ל)

## מחלוקת איז חמץ

דער דין איז, אויב אַ ווייצעל איז צעשפּאָלטען איז עס חמץ. האָט דערויף באַמערקט איינער פון די פריערדיגע צדיקים: פון דאַנען איז אַ באַוויז אַז צעשפּאַלטונג צווישען איד און איד איז חמץ גמור...

(בשם צדיק אחד)

## דער מענש קען מאַכען די ערד הימליש

דער רבי ר' מענדעלע קאָצקער זצ"ל האָט געזאָגט „השמים שמים לה' והארץ נתן לבני אדם" (תהלים קט"ו) — צו מאַכען פון הימעל אַ הימעל דאָס איז לה', אָבער צו מאַכען אַז פון ארץ (ארציות און גשמיות) זאָל ווערען אַ שמים, אַז דאָס ערדישע עולם־הזה'דיגע זאָל ווערען גייסטיג און הימעלדיג, דאָס איז געגעבען געוואָרען לבני אדם, די מענטשען קענען מאַכען פון דעם מאַטעריעלסטען מאַטעריאַל אַ גייסטיג קונסט־ווערק...

(רבי ר' מענדעלע קאָצקער זצ"ל)

## איין גוטע מידה

דער אַפּטער רבי זצ״ל דער בעל אוהב ישראל האָט געזאָגט, אַז קיין מענטש טאָר זיך נישט גרויס האַלטען געגען דעם אַנדערען, אפילו ווען יענער איז אָנגענומען אַלס אַ רשע, ווייל עס קען גאַנץ מעגליך זיין אַז דער רשע באַזיצט אין זיך אַזאַ גוטע מידה וואָס דער גרויסהאַלטער פאַרמאָגט נישט...

(רבי ר׳ אברהם יהושע העשיל אַפּטער זצ״ל)

## אַ רפואה פאַרן נפש

דאָס אויסבעסערן די מידות איז אַ רפואה פאַר דער נשמה און אויך פאַר׳ן גוף.

(בשם צדיק אחד)

## וויאַזוי מען עסט

די חז״ל זאָגען אַז קידוש דאַרף זיין במקום סעודה — קען מען דערין זען אַ רמז אַז די הייליגקייט און איידעלקייט און גוטע באַנעמונג פון אַ מענטש קען מען דערקענען „במקום סעודה״ — בשעת ער עסט, ווען ער עסט און וויאַזוי ער עסט...

(רבי ר׳ יחזקאל קוזמירער זצ״ל)

## נישט אַזוי גרינג

עס איז נישט אַזוי גרינג צו ברעכען אַ שלעכטע מידה, מען קען פריער ברעכען דעם קאַרק, איידער מען ברעכט איין שלעכטע געוואוינהייט...

(בשם חסיד אחד)

## ליבען און באַליידיגען

דער בעל שם טוב הקדוש זצ״ל האָט אַמאָל געזאָגט: אויב אַ מענטש וויל עמיצען ליבען, זאָל ער ליבען דעם בורא עולם. אויב אַ מענטש וויל עמיצען באַליידיגען זאָל ער באַליידיגען זיך אַליין...

(בעל שם טוב הקדוש זצ״ל)

## אפילו ביז הונדערט יאָר

דער איד דאַרף זיך באַמיען מתקן צו זיין זיינע מידות און אייגענ־שאַפטען אפילו ווען ער איז הונדערט יאָר אַלט.

(בשם צדיק אחד)

## דאָס בגד פון גוטע מידות

דער רבי ר׳ נפתלי ראָפּשיצער זצ״ל האָט אָנגעזאָגט פאַר זיינע חסידים אַז זיי זאָלען נישט טראָגען קיין בגד, וואָס דער אויבערשלאַק באַשטייט פון גאוה, דער אונטערשלאַק פון כעס, און דאָס מלבוש זאָל נישט זיין געניית מיט פעדים פון מרה־שחורה...

(רבי ר׳ נפתלי ראָפּשיצער זצ״ל)

## שיינע מידות

דער באַזיצער פון שיינע מידות איז דער אייגענטימער פון אַן אצילות׳דיגער נשמה.

(אַ חב״דיש וואָרט)

## אָריגינאַל און אימיטאַציע

די חז״ל זאָגען (ברכות ל״ה) „הרבה עשו כרבי שמעון בן יוחאי ולא עלתה בידם״, — האָט דערויף דער קאָצקער זצ״ל באַמערקט, אַז דאָס איז דערפאַר ווייל עשו כרבי שמעון, זיי האָבען זיך באַמיט נאָכצומאַכען, צו אימיטירען רבי שמעונ׳ען, דעריבער איז געווען „לא עלתה בידם״, דערפאַר האָט עס זיך זיי נישט איינגעגעבען...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## וואָס הייסט אַ סוד?

דער רבי ר׳ בונם פון פשיסכע זצ״ל האָט געזאָגט: אַ סוד הייסט אַז מען זאָל זאָגען אַלע זאָלען הערען און קיינער זאָל נישט וויסען...

(רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ״ל)

## יענעמס ליידען מער ווי אייגענע

אין אָנהויב פלעג איך דאַרפען מתפּלל זיין צו ג־ט איך זאָל פילען דעם אַנדערענס יסורים. איצט אָבער, אַז עמיצער דערציילט מיר וועגען זיינע ליידען, פיל איך זיי מער ווי דער ליידענדער אַליין...

(בשם צדיק אחד)

## דריי זאַכען

ווען דער רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל וויל קלאָר מאַכען זיינע פאָדערונגען און פאַרלאַנגען צו זיינע חסידים, זאָגט ער: וואָס פאַרלאַנג איך דען פון זיי? נאָר דריי זאַכען: פון זיך נישט אַרויסצוקוקען, אין יענעם נישט אַריינצוקוקען, און זיך נישט צו מיינען...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## כעס אָן דעת

דער וואָס בייזערט זיך שטענדיג און ווערט אַלעמאָל אין כעס, דער פאַרלירט זיין דעת!

(בשם צדיק אחד)

## ווי אַזוי פּטור צו ווערען פון כעס

וועגען דעם בעל „צמח צדק״ ווערט דערציילט, אַז ווען עמיצער פלעגט אים מיט עטוואָס אויפרעגען און מורא האָבענדיג אַז ער זאָל נישט אַריינפאַלען אין כעס, פלעגט ער צוגיין צו דער ספרים שראַנק און אַרויסנעמען אַ שולחן ערוך און מעיין זיין צי מען מעג זיך וועגען אַזאַ אורזאַך אויפרעגען און אַזוי, אַריינקוקענדיג אין ספר, איז דער כעס פון אים אַוועק...

(רבי ר׳ מנחם מענדל פון ליובאַוויטש זצ״ל)

## מען טאָר נישט מתרעם זיין

אַ איד האָט פאַרקויפט די תפילין און געקויפט דערפאַר אַן אתרוג הדר. ווען ער איז אַהיימגעקומען האָט זיין ווייב אָפּגעבראָכען דעם פּיטום פונעם אתרוג. דער איד האָט געשוויגען און נישט אַרויסגעוויזען קיין כעס. אויף דער פראַגע פון די אַרומיגע, פאַרוואָס ער בייזערט זיך גאָרנישט? האָט ער געענטפערט: די תפילין פאַרלוירען, דעם אתרוג צעבראָכען, זאָל איך נאָך זיין אין כעס אויך?

(בשם חסיד אחד)

## העפליכקייט

אַרויסצווייזען אַ פּנים שוחקות און צו שמייכלען ווען אַ נאַר זאָגט עפּעס אַ גלייכווערטעל אָדער אַ מילתא דבדיחותא, הייסט דאָס אויך געטאָן אַ גמילת חסד...

(בשם צדיק אחד)

## אויסערליך און אינערליך

דער איד דאַרף זיך לייטערן מיט גוטע מידות סיי אין זיין פנימיות און סיי אין זיין חיצוניות. עס שטייט: „בכל עת יהיו בגדיך לבנים" (קהלת ט׳, ח׳) — זאָלסט זען אַז אַלעמאָל זאָלן דיינע חיצוניות׳דיגע מידות און האַנדלונגען זיין ווייס, לויטער און אָן אַ פלעק.

(בשם צדיק אחד)

## פון יעדען געגענשטאַנד קען זיך אָפּלערנען

דער סאַדיגורער רבי זצ״ל האָט געזאָגט: פון אַלע טעכנישע ערפינדונגען קען אַ איד זיך אָפּלערנען אַ דרך אין עבודת השם. פון טעלעפאָן — אַז וואָס מען רעדט דאָ הערט מען דאָרט (אין הימעל); פון טעלעגראַף — אַז יעדעס וואָרט קאָסט געלט; און פון אַן אייזענבאַהן — אַז אין איין מינוט קאָן מען אַלץ פאַרשפּעטיגען.

(דער סאַדיגורער רבי זצ״ל)

היינט וואָלט מען געקענט צוגעבען און זאָגען, אַז פון ראַדיאָ קען מען לערנען, אַז קיין שום קלאַנג ווערט נישט פאַרלוירען, און אַלץ ווערט אין הימעל רעקאָרדירט; און פון טעלעוויזיע קען מען אָפּלערנען אַז אַלץ וואָס מען טוט דאָ ווערט דאָרט (אין הימעל) געזען...

## אַ „נדרף" דאַרף נישט זיין קיין רודף

דער טשאָרטקאָווער רבי זצ״ל האָט נישט געהאַלטען פון צוריק־ענטפערן אויף די פאַרפאָלגונגען אָדער עוולות קעגען אים. ער האָט דאָס מאָטיווירט מיט די פאָלגענדע צוויי טעמים. ערשטענס: קען מען דען עמיצען דערנידעריגען מער ווי די ערד? און צווייטענס איז דער שטייגער, אַז מען בייגט זיך אַראָפּ ווען מען פאַלט אָן אויף אים, דאַן פאַלט דער אָנפאַלער ממילא אַרונטער...

(רבי ר׳ משה דוד טשאָרטקאָווער זצ״ל)

## ווערטער וואָס האָבען גערירט

צוויי יונגעלייט זיינען אַמאָל געפאָרען צו צוויי פאַרשידענע רבי׳ס אויף יום טוב. אויפ׳ן וועג האָבען זיי זיך צעווערטעלט און צעקריגט, און איינער האָט דעם אַנדערען אַ שטויס געטאָן און יענער איז אומגעפאַלען און אויסגעלענקט אַ פוס. אָבער אַנשטאָט זיך אויפצורעגען האָט דער אָנגעגריפענער יונגערמאַן זיך אָנגערופען צום אָנגרייפער און געזאָגט: ווער ווייסט אויב מיר וועלען זיך נאָך אַמאָל באַגעגענען אין לעבען.

און ווידער אויף יענער וועלט ווער ווייסט אין וויפיל עולמות דו וועסט מיך דארפען ארומזוכען כדי מיך מפייס צו זיין. טא טו עס איצט, און איך וועל דיר מוחל זיין פון גאנצען הארץ.

דער יונגערמאן איז שטארק גערירט געווארען, ער האט ארומגענומען זיין חבר און זיי האבען זיך הארציג צעקושט...

(בשם חסיד אחד)

## יעדער לויט זיין מדרגה

דער רבי ר׳ זושא האט געזאגט: איך האב נישט קיין מורא אז אויף יענער וועלט וועט מען מיך שטראפען פארוואס איך בין נישט געווען אזוי ווי די אבות, אזוי ווי משה רבינו, אזוי ווי די תנאים, אזוי ווי דער בעל שם טוב. נישט יעדער קען ווערען א בעל שם טוב. איך האב אבער יא מורא און עס פייניגט מיך מיין געוויסען וואס וועל איך טאן ווען מען וועט מיך פרעגען ביים בית דין של מעלה: און א זושא ביזטו יא געווען? ווי זושא האט געדארפט זיין ביזטו יא געווען? האסטו ארויסגע־בראכט פון זיך אלע ניצוצות פון דיין רוחניות׳דיגען „איך״?

דעמאלט וועלען זיין נסתתמו טענותי...

(רבי ר׳ זושא האניפאלער זצ״ל)

## מען זאל אים נישט גלייבען....

דער רבי ר׳ איזיקל קאמארנער זצ״ל שרייבט אין איינעם פון זיינע ספרים: מען דארף נישט זען קיין שום חסרון ביי קיין איד. אויב מען וועט מיך אמאל הערן ריידען אויף עמיצען עפעס א נישט פאסיג ווארט, „אל יאמינו לי ואל יעשה שום רושם בלבם״ — זאל מען מיר נישט גלייבען און עס זאל נישט מאכען קיין שום איינדרוק, ווייל דאס קומט כדי צו שטילען דעם כעס און איז גורם צו המתקת הדינים...

(רבי ר׳ יצחק אייזיק קאמארנער זצ״ל)

## די גוטע התנהגות׳ן

וועגען רבי׳ן ר׳ אייזיקל זידיטשויוער זצ״ל ווערט נאכגעזאגט אז: א) ער האט קיינמאל נישט געגעסען קיין סעודה אן אן אורח; ב) ווען עס איז נישט געווען קיין אורח ביים טיש האט ער געפאסט און נישט גע־געסען; ג) ער האט זיך נישט געזעצט פריער עסען ביז ער האט נישט עפעס מחדש געווען אין תורה.

(רבי ר׳ יצחק אייזיק זידיטשויוער זצ״ל)

## אַ פולקאָמענער מענטש

דער וואָס איז אַן אדם השלם, דאַרף מען נישט אויסרעכענען זיינע מעלות, זיינע גוטע אייגענשאַפטען און טיטולען. אַז איינער פאַרקויפט דעם אַנדערען אַ הויז, שרייבט ער אַריין אין קאָנטראַקט נאָר די עטליכע ווערטער: „איך פאַרקויף דיר דאָס הויז״. אָבער דער וואָס פאַרקויפט אַ נישט אויסגעפאַרטיגטע געביידע, דאַרף ער אויסרעכענען: צוויי אַפּאַרטמענטס, אַ פּאָרטש, אַ בעיסמענט, אַזויפיל און אַזויפיל טירען און פענסטער, אדג״ל.

(בשם צדיק אחד)

## אַ תפלה צו זעהן די מעלות

אין דער תפילה קודם התפלה פון רבי׳ן ר׳ אלימלך פון ליזענסק זצ״ל, וואָס איז געדרוקט אין אַ טייל סידורים, איז פאַראַן די פאָלגענדע האַרציגע בקשה: „תן בלבנו שנראה כל אחד מעלות חברינו ולא חסרונם״ — גיב אַריין, רבונו של עולם, אין אונזערע הערצער די גוטע מידה צו זען ביי אונזערע מיטמענטשען נאָר זייערע מעלות און גוטע אייגענשאַפטען, און נישט זייערע חסרונות און פעלערס...

(רבי ר׳ אלימלך פון ליזענסק זצ״ל)

## די דריי גוטע מידות

דער רבי ר׳ מיכל׳ע זלאָטשאָווער זצ״ל איז געווען שטאַרק נזהר אין די פאָלגענדע דריי ענינים: א) ער איז קיינמאָל נישט געזעסען ביים אויוון כדי זיך צו וואַרעמען, ווייל דאָס ברענגט צו פוילקייט; ב) ביים עסען האָט ער קיינמאָל נישט אַראָפּגעבויגען דעם קאָפּ צום טעלער, נאָר דערלאַנגט מיט׳ן לעפל צום מויל; ג) ער האָט קיינמאָל נישט אויפגעגעסען אַלץ וואָס מ׳האָט פאַר אים געגרייט, נאָר תמיד עפּעס איבערגעלאָזט.

(רבי ר׳ מיכל׳ע זלאָטשאָווער זצ״ל)

# צדיקים און חסידים

## דעם ראָפּשיצער בקשה

דער רבי ר׳ נפתלי האַראָוויץ פון ראָפּשיץ זצ״ל האָט געזאָגט: איך בעט רחמים ביים רבונו של עולם, אַז אידען זאָלען געהאָלפען ווערען ביי זיך אינדערהיים, נישט דאַרפענדיג אָנקומען צו מיר איך זאָל פאַר זיי מתפּלל זיין...

(רבי ר׳ נפתלי ראָפּשיצער זצ״ל)

## דאָס שטופּען ביים רבי׳ן איז אַ תיקון

ביים גערער רבי׳ן, דעם בעל „שפת אמת״ זצ״ל איז אויף יום טוב געווען אַ גרויסער עולם און די חסידים האָבען זיך געשטופּט צו זען דעם רבי׳ן. בשעת דער שטופּעניש האָט איינער פון די חסידים זיך אויסגעדריקט: „עס איז ממש סכנת נפשות״. ווען דער רבי האָט דאָס דערהערט, האָט ער אַ זאָג געטאָן: ניין, עס איז ת ק נ ת נ פ ש ו ת...

(דער שפת אמת זצ״ל)

## ער וויל ניט בלייבען וויען קיין בעל חוב

אַ חסיד איז אַמאָל קראַנק געוואָרען און געפּאָרען קיין וויען זיך צו היילען ביי אַ באַרימטען דאָקטאָר. האָט אים אַ פריינד אין וויען געוויזען דעם קייזערליכען פּאַלאַץ, די וואונדערבאַרע געביידעס, מוזעאומס, מיניסטע־ריאום׳ס און דאָס גלייכען. אָבער דער חסיד האָט די אַלע זאַכען נישט געוואָלט אָנקוקען, מורא האָבענדיג טאָמער וועט אים עפּעס געפעלען און ער וועט עס באַוואונדערן. ער האָט געזאָגט: „איך וויל נישט בלייבען וויען קיין בעל חוב״...

(בשם חסיד אחד)

## ליכטיגע וועגען

פאַרצייטישע צדיקים האָבען אַמאָל ליב געהאַט צו רעדען וועגען זיך מיט ברייטקייט. אַזוי ווערט דערציילט וועגען רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל אַז ער האָט זיך אַמאָל אַזוי אויסגעדריקט: „איך ווינטש מיר איך זאָל נאָך אַמאָל זוכה זיין צו זעהן די ליכטיגקייט פון די וועגען אויף וועלכע איר פאָרט אויף זיי צו מיר״.

(רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל)

## פון פערד מענשען

ווען דער באָבאָווער רבי ר׳ בן ציון האַלבערשטאַם זצ״ל הי״ד האָט אַמאָל באַזוכט די שטאָט ביליץ, האָבען אַ טייל חסידישע יונגעלייט געוואָלט אויסשפּאַנען די פערד פון וואָגען און אַליין שלעפּען דעם וואָגען. דער רבי האָט פּראָטעסטירט און אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכעל: „מיין גאַנץ לעבען אַרבעט איך דערויף אַז איך זאָל מאַכען פון פערד מענטשען, און איר ווילט גאָר איך זאָל פאַרוואַנדלען מענטשען אויף פערד״...

(רבי ר׳ בן ציון באָבאָווער זצ״ל)

## חסידות איז אַ טל של תחי׳

דער ליובאַוויטשער רבי ר׳ מנחם מענדל שניאורסאָהן שליט״א ברענגט אין נאָמען פון אַ כתב יד ישן פאָלגענדען טיף פּאָעטישען געדאַנק: ביז לידת בעש״ט זיינען אידען געווען אין אַ מצב פון התעלפות און פאַר־חלש׳טקייט, און מיט נשמת הבעש״ט וואָס ווערט אַנגערופען ישראל, האָט מען זיי אָפּגעמינטערט אויפ׳ן שטייגער ווי איינער וואָס חלש׳ט זאָגט מען אים זיין נאָמען אין אויער אַריין און דערמיט מינטערט מען אים אָפּ...

## האָט יעדען ליב

געוויינליך זיינען חסידים וועלכע האַלטען זיך ביי איין רבי׳ן, נישט צו גוט געשטימט וועגען אַנדערע רבי׳ס. האָט אַמאָל אַ סאַדיגורער חסיד געזאָגט: איך בין נישט קיין סאַדיגורער חסיד כדי צו האַסען אַנדערע...

(בשם חסיד אחד)

## די קויל וואָס ברענט אייביג

פאַרצייטישע צדיקים האָבען געגלויבט אַז זייער השפּעה אויף זייערע חסידים איז נישט נאָר אין זייערע צייטען, נאָר אַז זייער פייער וועט אויך ברענען ביז אין די צוקונפטיגע דורות אַריין.

אַזוי האָט זיך אַמאָל דער רבי ר׳ נחמן בראַצלאַווער זצ״ל אויסגע־דריקט: „מיין קויל וועט ברענען ביז משיח וועט קומען״...

(רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל)

## דאָס פאָרען צום צדיק

אויף יענער וועלט וועט מען וועגען די וועלדער און פעלדער דורך וועלכע די חסידים זיינען געפאָרען צום צדיק.

(רבי ר׳ שלמה קאַרלינער זצ״ל)

## זאָג מיר ווער דיין חבר איז...

דער רבי ר׳ ארון לייב פון קראָקא זצ״ל האָט אַזוי געטייטשט דעם פסוק: „עם חסיד תתחסד ועם עיקש תתפתל (תהלים י״ח) — אויב דו וועסט דיך חבר׳ן מיט חסידים וועסטו ווערען אַ חסיד, און אויב דו וועסט פאַר־קערן מיט קרומע מענטשען, וועסטו אַליין ווערען צעדרייט... (ווייל מיר האָבען אַ כלל: כל המחובר לטהור טהור — ב״ק צ״ב).

(רבי ר׳ ארון לייב פון קראָקא זצ״ל)

## „לחיים" אַ סגולה צו פרנסה

דער רבי ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער זצ״ל פלעגט זאָגען: אַז אידען טרינקען צוזאַמען לחיים איז עס אַ סגולה אויך צו פרנסה. דער רמז דערפון איז, אַז ווען די „יוד׳ן" פון וואָרט „לחיים" האַלטען זיך צוזאַמען, בלייבט איבער „לחם"...

(רבי ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער זצ״ל)

## חסידים און מתנגדים

ביי דער פגישה פון דער אסיפת רבנים, וואו עס האָבען אַנטייל גענומען דער „צמח צדק" זצ״ל און רבי איצעלע וואָלאָזשינער זצ״ל, האָבען חסידים געזאָגט: איצט זעט מען אַז די מתנגדים זיינען יראי שמים, און די חסידים גאונים...

## אינערליכע התלהבות

אַז אַ פייער זאָל ברענען און קיין רויך זאָל נישט גיין — דאָס קען נאָר אַ חסיד פאַרשטיין...

(אַ חסידיש וואָרט)

## חסידישע מעשיות

אַ רבי האָט אַמאָל געפרעגט די חסידים זיינע, אין וואָס זיי זיינען עוסק בשעת זיי זיצען אין די שפעטע אָווענטען אין דער קלויז? דערויף האָט איינער פון די חסידים זיך אָנגערופען: מיר דערציילען חסידישע מעשיות פון צדיקים.

זייער גוט, זייער גוט טוט איר! — האָט דער רבי געזאָגט. — מיר זאָגען „הללו עבדי ה׳ הללו את שם ה׳" — ווען מען לויבט די צדיקים איז „מקבילות הלולאות אשה אל אחותה" —ביידע הלל׳ס זיינען אויף איין און דער זעלבער מדריגה.

(בשם צדיק אחד)

## דער חסידישער לוז שבשדרה

דער חסידישערביין ווערט קיינמאָל נישט פאַרפוילט...
(אַ חסידיש וואָרט)

## אַ צדיק וואַשט אויס אַ נשמה

דער רבי ר׳ אייזיקל קאַליווער זצ״ל פלעגט רעדען צו זיינע חסידים מיט משלים אין ווייכע האַרציגע רייד. דאָס פלעגט האָבען אויף זיי אַ שטאַרקעווירקונג און עס האָט זיי געפירט צו נשמה לייטערונג.

איינמאָל האָט דער רבי געזאָגט צו זיינס אַ חסיד, וועלכער האָט זיך יונגערהייט נישט אָרענטליך אויפגעפירט: איך האָב אַרויסגענומען פון דיר דיין נשמה׳לע און עס דורכגעוואַשען אַזוי ווי מען וואַשט וועש ביים טייך. ווען עס איז געוואָרען ריין און לויטער האָב איך עס דיר צוריקגעגעבען...
(רבי ר׳ אייזיקל קאַליווער זצ״ל)

## ווען צוויי צדיקים קומען זיך צוזאַמען

ווען דער רבי ר׳ דוד׳ל טאַלנער זצ״ל איז געווען אויף אַ באַזוך אין סאַדיגורע, האָט דער סאַדיגורער רבי אים אָפּגעגעבען אַ קעניגליכען כבוד. ער האָט אים געהייסען זיצען אויף זיין שטול און אים מכבד געווען מיט זאָגען תורה ביים טיש, ווי עס פירט זיך אין רבי׳שע הויפען. אין סאַדיגורע זיינען זיך דעמאָלט צונויפגעקומען אַרום צוואַנציג טויזענט אידען.

רבי דוד׳ל טאַלנער האָט געהאַלטען אַז עס איז נישט פּאַסיג צו זאָגען תורה אין דער געגענוואַרט פון סאַדיגורער רבי׳ן, האָט ער זיך אַרויסגעדרייט מיט אַ שאַרפזיניג וואָרט און געזאָגט: „אלו נתן לנו את השבת ולא נתן לנו את התורה דיינו״ — גענוג פאַר אונז וואָס ער האָט אונז אָוועקגעגעבען דעם שבת צו פירען רבי׳סטווע און פראַווען טיש, וויל נאָך דער רבי אַז מיר זאָלען זאָגען תורה אויך?...
(רבי ר׳ דוד׳ל טאַלנער זצ״ל)

## גאַנץ חסידות

עס ווערט געזאָגט: „איזהו חסיד, המתחסד עם קונו״ — ווער הייסט אַ חסיד? דער וואָס באַפרידיגט דעם באַשעפער.

דאָס איז נאָר איין טייל. אָבער אויך דער צווייטער טייל איז וויכטיג. און דאָס איז: צו באַפרידיגען אויך די מיטמענטשען...
(בשם חסיד אחד)

## פאַרוואָס צדיקים האָבען אָפטמאָל ליב געלט

דעם שווערען מאמר חז״ל (סוטה י״ב) „צדיקים ממונם חביב עליהם יותר מגופם” האָט דער בעל חידושי הרי״ם זצ״ל מסביר געווען אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל זיי ווייסען ווי אַזוי זיך צו באַנוצען מיט'ן געלט און אַז מיט געלט קען מען אָפטמאָל אויפטאָן אַזעלכע גוטע זאַכען וואָס מיט'ן אייגענעם גוף וואָלט מען דאָס נישט אימשטאַנד געווען צו טאָן...

(דער חידושי הרי״ם זצ״ל)

## איידער מען פאַרזוכט טעם חטא

דער רבי ר' משה טייטלבוים פון איהעל, דער בעל ישמח משה זצ״ל. האָט אַמאָל געטראָפען ר' אייזיקל קאַליווער זצ״ל אין מקוה אָהן די קליידער. האָט ר' אייזיקל אים געפרעגט: „וויאַזוי זע איך אויס אין דיינע אויגען?” האָט אים דער ישמח משה געענטפערט: „דו זעסט אויס אין מיינע אויגען ווי אדם הראשון איידער ער האָט פוגם געווען און געגעסען פון עץ הדעת”...

(דער ישמח משה זצ״ל)

## די תאוה וואָס צעברעכט אלע אנדערע תאוות

דער קאָזשעניצער מגיד זצ״ל האָט געזאָגט: צו זיין אַ רבי פון חסידים איז אַ תאוה גלייך ווי אַלע אַנדערע מענטשליכע תאוות, אָבער כדי צו דערגרייכען צו דער מדריגה פון דער דאָזיגער תאוה, מוז מען פריער באַקעמפען און גובר זיין אַלע אַנדערע מענטשליכע תאוות און שוואַכקייטען...

(דער קאָזשעניצער מגיד זצ״ל)

## פאַרוואָס גיט מען אַ רבי'ן אַ פדיון?

דער רבי ר' יהושע'לע דזשיקאָווער זצ״ל האָט אַמאָל ערקלערט דעם טעם פאַרוואָס אַ רבי נעמט אַ פדיון פון חסידים, אויפ'ן פאָלגענדען שאַרפ־זיניגען אופן: די חז״ל זאָגען „אין הקב״ה נותן משלו כלום, אלא נוטל מזה ונותן לזה” (מדרש רבה במדבר פכ״ב). לויט דעם מאמר קומט דאָך אויס, אַז אויב דער צדיק בעט פאַר איינעם אַז ער זאָל האָבען פרנסה, איז ער דאָך דערמיט אַ חב לאחרים (ער מאַכט שאָדען אַ צווייטען). און דער דין איז „התופס לבעל חוב במקום שחב לאחרים לא קנה” (בבא מציעא דף ח'). אויב אַזוי קען דאָך דער צדיק נישט ווערען קיין שליח מתפלל צו זיין פאַר יענעמ'ס פרנסה. גיט מען אים דעריבער אַ פדיון ווערט ער ממילא יענעמ'ס אַ שליח בשכר, און די פוסקים האַלטען אַז אַ שליח וואָס

נעמט באַצאָלט קען כאַפּען אפילו דעמאָלט ווען ער ברענגט שאָדען פאַר אַנדערע...

(רבי ר׳ יהושע׳לע דזשיקאָווער זצ״ל)

## אַפּענער רוח־הקודש וועגען אוישוויץ

ווי עס איז באַוואוסט, זיינען די הייליגע ברידער דער רבי ר׳ אלימלך פון ליזשענסק און דער רבי ר׳ זושא פון האַניפּאָלי זצ״ל צוזאַמען געגאַנגען אָפּריכטען גלות און געוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט. און עס ווערט דער־ציילט אַז ווען זיי האָבען זיך דערנענטערט צו דער שטאָט „אָשפּיצין״ (אוישוויץ) און געוואָלט אַהין אַריינגיין, איז פּלוצים דערשינען דער שטן און זיי געזאָגט אַז זיי זאָלען צוריקגיין. „דאָס איז מיין רשות״! — האָט דער שטן צו זיי געזאָגט.

ווערט נאָכגעזאָגט צווישען די חסידים, אַז ביידע ברידער צדיקים זיינען געשטאַנען פאַר די טויערען פון אָפּשפּיצין און ביטער געוויינט.

חסידים האָבען דאָס אויסגעטייטשט, ווייל אָשפּיצין ליגט ביי דער גרענעץ פון עסטרייך־דייטשלאַנד, און פון דאָרט האָט זיך אָנגעפאַנגען די רעפאָרם באַוועגונג.

קיינער האָט נישט געוואוסט די סיבה פון די הייליגע ברידער׳ס שרעקליכע געוויין. ערשט אין אונזערע טעג, ווען די שטאָט אָשפּיצין איז טרויעריג באַקאַנט געוואָרען אַלס די שטאָט „אוישוויץ״, וואו עס זיינען אויף אַן אכזריות׳דיגען אופן פאַרטיליגט געוואָרען מיליאָנען אידען בשעת דער היטלער מגיפה, ווערט עס קלאָר וואָס עס איז געווען דאָס שטימע געוויין אָן ווערטער פון די צוויי הייליגע ברידער...

## די דריי מעלות וואָס אַ רבי דאַרף באַזיצען

כדי צו פירען רבי׳סטוואָ דאַרף אַ רבי באַזיצען פאָלגענדע דריי מעלות: 1) אַז מען זיצט אויף דער רבי׳שער שטול, דאַרף זיך אויסדאַכטען ווי מען וואָלט געזעסען אויף שפּילקעס; 2) נאָך איידער מען לייענט דאָס קוויטעל דאַרף ער שוין געווּר ווערען דעם אינהאַלט פון דער בקשה וואָס עס שטייט אין קוויטעל; 3) בשעת מען לייענט דאָס קוויטעל דאַרף דער רבי פילען די ליידען פון דעם קוויטעל געבער ווי זיינע אייגענע צרות.

(רבי ר׳ יעקב דוד אַמשינאָווער זצ״ל)

## זיין שכן ביים באַרג סיני

פאַרצייטיגע צדיקים האָבען געדענקט אַלץ וואָס עס איז פאַרגעקומען

מיט זיי אין די פריערדיגע דורות און וואָס פאַר אַ נשמה איבערלעבונגען זיי האָבען דעמאָלט געהאַט.

אַ פאַרצייטישער צדיק האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט: איך געדענק אפילו ווער עס איז געשטאַנען נעבען מיר ביי קבלת התורה אויף דעם באַרג סיני...

(בשם צדיק אחד)

## דער צדיק געדענקט אַליץ

דער רבי ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער זצ״ל איז געווען זיכער אַז ער געדענקט אַליץ וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אים במשך אַלע גילגולים וואָס זיין נשמה האָט דורכגעמאַכט זינט דורי דורות.

אַמאָל אין אַ שמועס האָט ער אַ זאָג געטאָן: שטעלט מיך אַוועק אין גושן, מצרים, און איך וועל דערקענען די לאַפּעטע מיט וועלכער איך האָב געאַרבעט...

(רבי ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער זצ״ל)

## אמת׳ע גרויסקייט

די תלמידים פון די פאַרצייטישע צדיקים האָבען שטאַרק פאַרהייליגט זייערע רבי׳ס און האָבען געשפּירט זייער גרויסקייט אפילו פונדערווייטענס.

אַ באַוואוסטער צדיק, אַ תלמיד מובהק פון בעל שם טוב הקדוש זצ״ל, האָט זיך אויסגעדריקט: צען מייל פון מעזשיביזש פילט מען שוין די לויטערקייט פון דער שכינה. (דער בעש״ט הקדוש האָט געוואוינט אין מעזשיביזש).

## דאָס מפרנס זיין אַ צדיק

אַז מען העלפט דעם צדיק האָבען פרנסה, ווערן אַלע זינד פאַרגעבען. עס איז פונקט ווי ביי די כהנים וועגען וועלכע עס ווערט געזאָגט: „כהנים אוכלים והבעלים מתכפרים״ (פסחים נ״ט) דורך ברענגען קרבנות צו די כהנים, האָט מען אַ כפרה און מען איז זיי מוחל די זינד...

(רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל)

## דעם צדיק׳ס קונסט

דער קאָצקער רבי ר׳ מענדעלע זצ״ל האָט אַמאָל אין אַ שמועס מיט זיינע מקורבים געזאָגט: ווייסט איר וואָס איך קען? איך קען נעמען אַ ציידענעם יונגערמאַנטשיק וואָס איז פאַרזונקען אין תאוות און חפציות עולם

הזה, און איך בין אימשטאַנד די תאוות אוןליידענשאַפטען זיינע אַזוי צו פאַר׳מיאוס׳ען, אַז עס זאָל אים אַזוי עקלען צו זינדיגען, אַז ער זאָל אַזש ברעכען פון דעם געדאַנק פון אַ זינדיגער מחשבה...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## דער אמת׳ער גדול הדור

דעם מאמר חז״ל „יפתח בדורו וכו׳״ (ר״ה כ״ח) האָט דער רבי ר׳ מענדעלע פון קאָצק זצ״ל געטייטשט: דער וואָס עפענט דעם דור — געמיינט צו זאָגען דער וואָס פאַרשטייט זיין דור, ווייזט אים אַ וועג און פילט דעם פולס פון דער צייט...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## דאָס אמת׳ע בילד פון אַ צדיק

דער באַרימטער גאון און צדיק, דער בעל „אבני נזר״ זצ״ל האָט אַמאָל באַזוכט וואַרשע און איז איינגעשטאַנען ביי זיינס אַ רייכען חסיד, וועלכער האָט ליב געהאַט צו באַצירען די ווענט מיט בילדער פון צדיקים. איינער פון די מקורבים האָט אָנגעוויזען דעם סאָכאַטשאָווער זצ״ל, אַז אויף דער וואַנט הענגט דאָס בילד פון „רב״, רבי ר׳ שניאור זלמן, דער בעל „תניא״ זצ״ל.

האָט דער סאָכאַטשאָווער זצ״ל דערויף געגעבען פאָלגענדע שאַרפזיניגע באַמערקונג: דער וואָס לערנט און פאַרטיפט זיך אין דעם רב׳ס ספרים, דער ווייסט בעסער וויאַזוי ער האָט אויסגעזען...

(רבי ר׳ אברהמ׳לע סאָכאַטשאָווער זצ״ל)

## אַ גאָלדענע זאַנג

ווען דער רבי ר׳ בונם פון פשיסכע זצ״ל האָט געוואָלט שילדערן די פערזענליכקייט פון זיין רבי׳ן דעם „איד הקדוש״, האָט ער אַזוי געזאָגט: אין אַ שאַצקאַמער האָב איך געזען אַ זאַנג, וועמענס יעדעס קערנדל איז לויטער גאָלד. מיין רבי, דער „איד״ פון פשיסכע, איז אויך אַזאַ גאָלדענע זאַנג...

(רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ״ל)

## אין פופיק אַריין

אַ פייערדיגער חסיד פון אַן אַנדערן רבי׳ן האָט געפרעגט דעם רבי׳ן ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל, וואָס ער איז מכוון בשעת קריאת שמע. זאָל

דער רבי האָבען אים געענטפערט: „און וואו איז דער פופיק?" דער פרעמדער חסיד האָט נישט פאַרשטאַנען דעם מיין פון די ווערטער. האָבען די קאָצקער חסידים אים געגעבען צו פאַרשטיין: דער חילוק פון אונזערן און אייערן איז, אייער רבי זאָגט תורה אין הימעל אַריין, אָבער אונזער רבי זאָגט תורה אין פופיק אַריין.

## דעם צדיק'ס „לא תחמוד"

דער רבי ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער זצ"ל האָט אַמאָל געזאָגט, וויאַזוי קען מעגליך זיין ביי אַ צדיק ער זאָל עובר זיין אויף „לא תחמוד"? — דאָס קען פאַסירען דעמאָלט, ווען ער זעט אַ וועגעלע מיט חסידים פאָרען צו אַן אַנדער'ן רבי'ן...

(רבי ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער זצ"ל)

## ווער איז אַ חסיד?

דער רבי ר' בונם פשיסכער זצ"ל האָט געזאָגט, אַן אמת'ער חסיד הייסט דער וואָס טוט זאַכען וואָס זיינען לפנים משורת הדין, ווייל דער דין איז „לא תונו איש את עמיתו" (בהר כ"ז, י"ז) — איינער דעם אַנדערן זאָל נישט נאַרען. אָבער לפנים משורת הדין איז, מען זאָל זיך אַליין אויך נישט נאַרען...

(רבי ר' בונם פשיסכער זצ"ל)

## פון מתנגדישען לאַגער

אַ מתנגד האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי'ן ר' אשר'ל רימאַנאָווער זצ"ל, צו וועלכער גרופע משיח וועט געהערען, צו די מתנגדים, אָדער צו די חסידים?

האָט אים דער רבי ר' אשר'ל געענטפערט בדרך הלצה: מן הסתם וועט ער קומען צו די מתנגדים, ווייל אויב משיח וועט קומען פון חסידישען לאַגער, וועלען די מתנגדים אים נישט וועלען אנערקענען, אפילו ווען ער זאָל באַווייזען אותות ומופתים ווי משה רבינו...

(רבי ר' אשר'ל רימאַנאָווער זצ"ל)

## רב און רבי

דער רבי ר' יהושע'לע בעלזער זצ"ל האָט מקפיד געווען מען זאָל אים נישט רופען „רבי" נאָר „רב". ווען אַ פוילישער איד האָט אים גערופען „רבי", האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכעל „איך בין בעלזער רב,

נישט בעלזער רבי. אָבער אייך קומט אַ יישר כח וואָס איר האָט מיר צוגעגעבען אַ יוד, אַ רב איז אויך אַ איד"...

(רבי ר' יהושע'לע בעלזער זצ"ל)

## שווער מבחין צו זיין

אין מדרש רבה (בראשית פרשה ו') ווערט געזאָגט: עתידה גן עדן להיות צועקת ואומרת, תן לי צדיקים, אין לי עסק ברשעים. ועתידה גיהנם להיות צועקת ואומרת אין לי עסק בצדיקים. איז דאָך נישט צום פאַרשטיין: וויאַזוי קען דען זיין אַ קלער אַז מען זאָל די צדיקים פירען אין גיהנם און די רשעים אין גן עדן אַריין, אַז מען זאָל אַזש דאַרפען שרייען?

נאָר, — האָט דער רבי ר' זושא פון האַניפּאָלי זצ"ל מסביר געווען — וויזט אויס אַז עס וועט אַמאָל קומען אַ צייט ווען דער רשע וועט זיך פאַרשטעלען אַלס צדיק און אויף דעם צדיק וועט מען מיינען אַז ער איז אַ רשע, און די מלאכים וועלען האָבען אַ טעות און פירען די רשעים אין גן עדן און די צדיקים אין גיהנם. און ביידע, סיי דער גן עדן און סיי דער גיהנם וועלען דאַרפען שרייען אַז מען זאָל קיין טעות נישט מאַכען...

(רבי ר' זושא האַניפּאָלער זצ"ל)

## וואָס הייסט אַ צדיק הדור?

דער רבי ר' ישראל'טשע ריזשינער זצ"ל האָט געזאָגט אַז אַ צדיק הדור דאַרף באַזיצען אַלע גייסטיגע אייגענשאַפטען כדי צו קענען משפיע זיין אויף אַלעמען און יעדער מענטש לויט זיין מדריגה זאָל קענען געניסען פון דעם צדיק'ס גרויסקייט, דאָס הייסט אַז נישט נאָר די וואָס שטייען גייסטיג הויך, נאָר אַז אויך די פּשוט'ע מענטשען זאָלען פאַרשטיין דעם צדיק'ס דרכים.

(רבי ר' ישראל'טשע ריזשינער זצ"ל)

## אַ רמז וועגען אַ פּדיון

דער רבי ר' יחיאל פּאַקשיוויצער זצ"ל האָט געזאָגט אַ רמז וועגען דעם וואָס מען גיט אַ פּדיון פאַר אַ רבי'ן. מיר געפינען אין דער תורה אַז יצחק אבינו האָט נישט געקענט געבען פאַר זיין זון די ברכה ביז ער וועט נישט האָבען פון אים אַ קערפּערליכע הנאה, כדי די ברכה זאָל קענען חל זיין מיט אַלע דקדוקים און פּרטים...

(רבי ר' יחיאל פּאַקשיוויצער זצ"ל)

## בייז אויף זיך אַליין

דער אמת'ער צדיק, וויפיל ער טוט, דאַכט זיך אים אַלץ אַז ער האָט נאָך נישט גענוג יוצא געווען. „האי צורבא מרבנן דרתח, אורייתא היא דקא מרתחא ליה" (תענית ה') — בייזערט ער זיך אויף זיך אַליין...

(אבי הרב הגאון הצדיק מריגליץ שליט"א)

## אַ חסיד דאַרף שטייגען

אַ רבי שטעלט אַוועק אַ לייטער. די אויפגאַבע פון חסיד איז צו קלעטערן און אַליין שטייגען אויף די שטיגען, נישט פאַרלאַזנדיג זיך אויף דעם רבינ'ס פלייצעס...

(בשם צדיק אחד)

## ווער ס'הייסט אַ צדיק

אַ צדיק הייסט דער, וואָס טוט גוטע און „גערעכטע" טאַטען אויך צו זיינע מיטמענטשען...

(בשם צדיק אחד)

## מען דאַרף פאַרשטיין די דרכים פון אַ צדיק

עס פאַסירט אַז מען זעט ביי אַ צדיק אַזעלכע אויפפירונגען, וואָס אין דעם ערשטען אויגענבליק קען זיך דאַכטען אַז זיי זיינען נישט ריכטיג. דאָס איז געגליכען צו אַ מעלאָדיע וואָס מען הערט צום ערשטען מאָל. די קלאַנגען זיינען דעמאָלט נישט אַזוי אנגענעם פאַר'ן אויער, זיינען מטושטש און נישט איינהייטליך. אָבער ווען מען הערט דעם ניגון עטליכע מאָל פילט מען ערשט די מוזיקאַלישקייט פון דער סימפאָניע.

דאָס זעלבע איז מיט די דרכים פון דעם העכערן מענטש. ביים ערשטען ערשיינען דאַכט זיך דעם מענטש אַז דעם צדיק'ס התנהגות'ן זיינען עפּעס נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין. ווען מען באַטראַכט אָבער פיל מאָל זיינע מידות טובות און זיינע עטישע אייגענשאַפטען, זעט מען ערשט דעמאָלט די געטליכע פּראַכט און עטישע שיינקייט וואָס עס שטראַלט אַרויס פון זיין פערזענליכקייט.

דאָס איז דער מיין פון פסוק „ויהי כנגן המנגן ותהי עליו רוח השם" (מלכים ב, ג', ט"ו) — דער וואָס האָט השראת השכינה און שאר רוח, איז פונקט ווי דער ניגון...

(רבי ר' מאיר'ל דזשיקאָווער זצ"ל)

## אַ קעניג איבער די אייגענע מידות

די חז״ל זאָגען: אמר דוד לפני הקב״ה לא חסיד אני? כל מלכי מזרח ומערב יושבים אגודות אגודות בכבודם, ואני ידי מלוכלכות בדם שפיר ושליא כדי לטהר אשה לבעלה (ברכות ד׳). אַ פּאַרצייטישער צדיק האָט דערמיט פאַרענטפערט זיין אומווילינקייט נישט אנטייל צו נעמען אין די פאַרשידענע אסיפות און קאָנפערענצען, אין וועלכע — על פי רוב — די אנטיילנעמען זיינען נאָר אויסען זייער אייגענעם כבוד און פערזענליכען נוצען. אָבער דוד המלך האָט נאָר געטראַכט וועגען ברענגען נוצען פאַר אַנדערע און איז געווען דער מלך איבער זיינע אייגענע מידות.

(בשם צדיק אחד)

## פאַרוואָס חסידים טרינקען משקה?

די גמרא זאָגט „אף על פי שהאש יורדת מן השמים, מצוה להביא מן ההדיוט״ (יומא כ״א). דאָס איז מרמז צו זיין, אַז כאָטש אמת׳דיג האַרץ־פייער דאַרף קומען פון אויבען, פון די הימלישע ספערן, דאָך איז אַ מצוה זיך משמח צו זיין און אונטערוואַרימען דאָס נפש אויך דורך אַביסעל משקה — אתערותא דלתתא... אויך ביי תפלה דאַרף זיין אייגענע התעוררות.

(בשם חסיד אחד)

## פאַר׳ן כלל ישראל

איידער דער רבי ר׳ אליעזר׳ל דזשיקאָווער זצ״ל איז נפטר געוואָרען, האָט ער געזאָגט פאָלגענדע תורה: אין דער ברייתא דרבי ישמעאל ווערט געזאָגט „כל דבר שהיה בכלל ויצא מן הכלל ללמד, לא ללמד על עצמו יצא, אלא ללמד על הכלל כולו יצא״. דער פשט דערפון איז: כל „דבר״ — יעדער מנהיג (פון לשון „דבר אחד לדור״), שהיה בכלל ויצא מן הכלל ללמד — דער צדיק וואָס געפינט זיך אין דעם כלל ישראל פון דער וועלט און ער גייט אַרויס פון כלל פון דער וועלט כדי צו געפינען אַ זכות, איז „לא ללמד על עצמו יצא״ — מיינט ער נישט זיין אייגענעם זכות, „אלא ללמד על הכלל כולו יצא״, נאָר פאַר׳ן גאַנצען כלל ישראל...

(רבי ר׳ אליעזר׳ל דזשיקאָווער זצ״ל)

## אַ גאַנץ און צעבראָכען האַרץ

די קונסט פון אַן אמת׳ן צדיק איז צו באַזיצען די גייסטיגע קראַפט צו האָבען גלייכצייטיג: אי אַ גאַנץ און אי אַ צעבראָכען האַרץ...

(רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ״ל)

## אַ קוויטל דאַרף מען קענען לייענען

אַ קוויטעל דאַרף דער רבי קענען לייענען אויך פון דער צווייטער זייט, פון דער ליידיגער זייט, צווישען די שורות... אויב נישט הייסט דאָס גזל...

(בשם צדיק אחד)

## דער נשמה־דאָקטאָר

פונקט ווי אַ דאָקטאר היילט דעם גוף פון אַ מענטש, אַזוי איז דער צדיק דער וואָס היילט די קראַנקהייטען פון דעם איד׳ס נשמה.

(בשם חסיד אחד)

## די הויפּט זאַך איז כבוד שמים

חסידים און מתנגדים זיינען מחולק אין נוסח פון דאַווענען. די חסידים האַלטען אַז מען זאָל זאָגען „הודו" פאַר „ברוך שאמר", דאַקעגען די מתנגדים זיינען ביי דער מיינונג אַז מען דאַרף זאָגען „ברוך שאמר" פאַר הודו. — ווען עס קומט אָבער צו „יהי כבוד ה׳ לעולם" גלייכען זיך ביידע אויס.

פון דעם קען מען זען, אַז דער עיקר איז כבוד שמים. ווען עס האַנדעלט זיך וועגען כבוד פון באַשעפער דאַרפען אַלע נוסחאות און מיינונגס פאַרשידענהייטען אויפהערען, און מען דאַרף אַלץ טאָן כדי מפרסם צו זיין כבוד שמים ברבים...

(רבי ר׳ הערש רימאַנאָווער זצ״ל)

# מצוות און עבירות

## נישט מעגליך...

אַ חסיד איז אַמאָל אַריינגעקומען צום רבי'ן ר' מענדעלע קאָצקער זצ"ל און אים דערציילט אַז דער און דער איז באַגאַנגען אַ גניבה.

האָט דער קאָצקער זצ"ל אַרויסגעשטעלט אַ פּאָר פאַרוואונדערטע אויגען און אַ שריי געטאָן: אוממעגליך! עס שטייט דאָך בפירוש אין דער תורה „לא תגנוב"!...

(רבי ר' מענדעלע קאָצקער זצ"ל)

## פריער און דערנאָך

דער חילוק פון אַ מצוה ביז אַן עבירה איז: ביים טאָן אַ מצוה האָט מען פרייד אחר המעשה, אָבער ביי אַן עבירה — לפני המעשה...

(רבי ר' משה מפשעוואָרסק זצ"ל)

## עבירה גוררת מצוה...

אַ משכיל האָט אַמאָל געפרעגט דעם חידושי הרי"ם זצ"ל פאַרוואָס די חסידים זיינען זיך נוהג צו דאַוונען שפּעט, עס איז דאָך אַן עבירה?

האָט אים דער רבי געענטפערט: די חז"ל זאָגען „עבירה גוררת עבירה" (אבות), איז אויב דאָס שפּעטע דאַוונען וואָלט געווען אַן עבירה, וואָלטען דאָך חסידים נישט געלערנט אַ גאַנצען טאָג און געטאָן מצוות און מעשים טובים. פון דאַנען איז אַ באַווייז אַז די עבירה פון שפּעט דאַוונען איז גורם צו טאָן אַ סך מצוות...

(דער חידושי הרי"ם זצ"ל)

## אַזאַ עברה איז כדאי צו טאָן

דער רבי ר' מענדעלע וויזשניצער זצ"ל איז געווען אַ גרויסער פּזרן און ער פלעגט צעטיילען אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט.

איינמאָל האָט אים זיינער אַ מקורב געפרעגט: היתכן? די גמרא זאָגט דאָך „המבזבז אל יבזבז יותר מחומש" (כתובות דף ס"ז) — דער וואָס צעטיילט צדקה פון זיין פאַרמעגען, זאָל נישט אַוועקגעבען מער ווי אַ פינפטעל?

דערויף האָט אים דער רבי ר' מענדעלע געענטפערט: „עובר צו זיין אויף דעם וואָס אונזערע חכמים האָבען מתקן געווען איז טאַקע אַ האַרבע

עבירה, פאַר וועלכער עס קומט באַשטימט גיהנם. אָבער בשעת איך צעטייל אינדערפרי דאָס פינפטעל פון מיין פאַרמעגען און דערנאָך קומט צו מיר אַ איד און קלאָגט זיך, אַז ער האָט נישט קיין שטיקעל ברויט פאַר זיין פרוי און קינדער, קען איך מיך נישט באַהערשען נישט צו טאָן קיין עבירה און איך צעטייל דאָס איבערגעבליבענע. צוליב אַזאַ עבירה איז אפילו כדאי צו זיין אין גיהנם״...

(רבי ר׳ מענדעלע וויזשניצער זצ״ל)

## אַ מצוה וואָס שלעפּט זיך

דער רבי ר׳ אברהם חיים פלאַנטשער זצ״ל איז אַמאָל געגאַנגען צו־זאַמען מיט אַ גרופּע חסידים מחדש צו זיין די לבנה. דערוויילע איז דער הימעל געוואָרען שטאַרק פאַרוואָלקענט און ער האָט געוואַרט אַ לאַנגע צייט. אויף דער פאַרוואונדערונג פון די חסידים, האָט ער געזאָגט „מצוה גוררת״ — אַ מצוה וואָס שלעפּט זיך, „מצוה״ — איז אויך אַ מצוה, דאָס עצם וואַרטען אַליין איז אויך אַ מצוה...

(רבי ר׳ אברהם חיים פלאַנטשער זצ״ל)

## אַ חסידיש לידעל

ר׳ אברהם משה, דער זון פון רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ״ל, וועלכער איז יונגערהייט נפטר געוואָרען, האָט פאַרפאַסט דאָס פאָלגענדע ניגונ׳דל אין אידיש, וואָס ווערט נאָך עד היום געזונגען צווישען די נאָכפאָלגער פון פשיסכער חסידות:

וועך עס האָט זיך באַהאַלטען אונטער דעם באַלקען,
איז אַ סימן אַז ער האָט ליב געהאַט דעם טאַטען דעם אַלטען,
געדאַווענט און געלערנט, און דעם אויבערשטען נישט דערצערנט,
לאָמיר נישט זאָרגען, וואָס עס וועט זיין מאָרגען,
לאָמיר בעסער פאַררעכטען וואָס מען האָט קאַליע געמאַכט נעכטען.

## מעגען און דאַרפען

רעדענדיג וועגען דעם ווי וויט דער מענטש דאַרף זיין פאָרזיכטיג און באַרעכענט מיט זיינע מעשים, און יעדע טאַט פריער איבערוועגען און מעסטען, האָט דער בעל התניא זצ״ל זיך אויסגעדריקט: „וואָס מען טאָר נישט, טאָר מען נישט; און וואָס מען מעג מעג דאַרף מען נישט״...

(דער בעל התניא זצ״ל)

## אַ הפקר־וועלט

דער רבי ר׳ שלמה׳לע ראַדאָמסקער זצ״ל האָט געזאָגט: עס וועט אַמאָל קומען אַ צייט ווען מען וועט זוכען היתרים אויף אַלץ און קיין חטא וועט גאָרנישט באַטראַכט ווערן פאַר קיין עבירה עס וועט זיין „יבוקש את עוון ישראל ואיננו״ (ירמי׳ נ, כ׳) מ׳וועט טדאַרפן זוכן אַן עבירה, וואָרים יעדעס פאַרברעכן וועט באַרעכטיגט ווערען און וואָס מען זאָל אַלץ נישט טאָן וועט מען זאָגען „דאָס מעג מען דאָך״ און אַן עבירה וועט נישט זיין קיין עבירה...

(רבי ר׳ שלמה ראַדאָמסקער זצ״ל)

## דאָס שוויצען ביים טהון אַ מצוה

דער וואָס איז זיך מתייגע און שטרענגט זיך אָן ביים טאָן אַ מצוה ביז דער שווייס רינט פון אים, איז דאָס אַ גרויסער תיקון פאַר דער נשמה.

(בשם צדיק אחד)

## דער אַעראָפּלאַן

אין דער חסידישער וועלט איז אָנגענומען די אגדה, אַז אויב אַ חסיד וועט קומען אויף יענער וועלט און מען וועט וועגען זיינע מצוות און זיינע עבירות, און אויב די עבירות וועלען חס ושלום איבערוועגען וועט מען דאַן אַרויפליגען אויף דער וואָג־שאָל דעם וואָגען אויף וועלכען ער איז אומצאָליגע מאָל געפאָרען צום רבי׳ן, און ער וועט באַלד זוכה זיין בדין.

איצט קען מען זיך שאַפען אַ ציור, ווי ווייט די מצוות וועלען איבער־וועגען אויב מען וועט באַנוצען דעם אעראָפּלאַן אויף אַ נסיעה צום רבי׳ן. אַזאַ מעכטיגער ריז וועט זיכער איבערוועגען אַלע עבירות...

(בשם חסיד אחד)

## די ליבשאַפט צו מצוות

ווען מען וואָלט געגעבען פאַר אַן עבירה דעם גן עדן און פאַר אַ מצוה דעם גיהנם, וועל איך גיכער טאָן אַ מצוה און זיין אין גיהנם.

(בשם צדיק אחד)

## וואָס עס הייסט מורא האבען פאַר אַן עברה?

מורא האָבען פאַר אַן עבירה הייסט צו פילען אַ פחד און אַ ווידער־ווילען פון דער עצם עבירה, מער ווי פאַר דער שטראָף וואָס עס ערוואַרטעט אים פאַר׳ן טאָן די עבירה...

(אַ חסידיש וואָרט)

## זינד געגען מענש — זינד געגען ג־ט

די זינד און פאַרברעכען וואָס איין מענטש באַגייט געגען אַ צווייטען ווערט אויך באַטראַכט אַלס זינד און בגידה קעגען באַשעפער.

(רבי ר׳ שלמה׳לע ראַדאָמסקער זצ״ל)

## ניט צו האָבען קיין צייט צו זינדיגען

דער רבי ר׳ מענדעלע פון קאָצק זצ״ל האָט געזאָגט צו זיינע שאַרפע חסידישע יונגעלייט: איך פאַרלאַנג פון אייך איר זאָלט נישט זינדיגען, אָבער נישט דערפאַר ווייל מען טאָר נישט, נאָר ווייל איר זאָלט נישט האָבען קיין צייט צו זינדיגען...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## אַ מצוה ווי אַלע מצוות

אין דער תורה שטייט „ואהבת לרעך כמוך״ (קדושים י״ט, י״ח) — דאָס איז אַ מצוות עשה ווי אַלע אַנדערע מצוות עשה, ווי לערנען תורה אָנטאָן ציצית, לייגען תפילין און דאָס גלייכען...

(בשם צדיק אחד)

## מורא פאַר מענטשען און מורא פאַר ג־ט

אין דער קלויז פון רבי ר׳ הערשעלע זידיטשויווער זצ״ל האָט אַ יונגערמאַן געדאַווענט פאַר׳ן עמוד און האָט געיאָגט מיט׳ן דאַווענען, נישט אַרויסווייזענדיג קיין רעספעקט פאַר׳ן עולם.

האָט דער רבי געזאָגט צו אים: איך דענק אַז איר קענט ביי אונז נישט זיין קיין שליח ציבור, ווייל אַ מענטש וואָס שטעלט זיך אַוועק פאַר׳ן עמוד מיט אַזאַ זעלבסטזיכערקייט און עס איז נישט צו מערקען ביי אים אפילו אַ שמץ פון „אימתא דציבורא״, דער איז פאַרדעכטיגט אַז ער באַזיצט אויך נישט קיין „אימתא דשמיא״...

(רבי ר׳ הערשעלע זידיטשויווער זצ״ל)

## עבירה גוררת עבירה

די גמרא זאָגט: הרהורי עבירה קשים מעבירה (יומא דף כ״ט). דער געדאַנק דערפון איז, אויב מען זעט אַז איינער איז נעבעך נכשל אין „הרהורי עבירה קשים״ — אין שווערע שלעכטע מחשבות, זאָל מען וויסען אַז דאָס נעמט זיך „מעבירה״ פון דער פריערדיגער עבירה וואָס

ער האָט געטאָן, וואָס דאָס האָט אים געפירט דערצו אַז ער זאָל כסדר טראַכטען זינדיגע מחשבות, ער טאָפּטשעט כסדר אין דער בלאָטע.

(רבי ר׳ בער פון מעזריטש זצ״ל)

## נישט צו ג־ט און נישט צו לייט

אַ פּאַרצייטישער צדיק רעדענדיג וועגען דער האַרבקייט פון עבירות שבין אדם לחבירו, האָט תמיד ציטירט דעם חוות יאיר וועלכער פסק׳ענט להלכה, אַז דאָס וואָס די חז״ל זאָגען „עבירות שבין אדם למקום יום כיפורים מכפר, עבירות שבין אדם לחבירו אין יום הכיפורים מכפר עד שירצה את חבירו (יומא דף פ״ה ע״ב), אַז דער פשט איז אויב ער באַגייט אַן עבירה קעגען זיין חבר, דעמאָלט איז יום כיפור נישט מכפר אפילו אויף די עבירות שבין אדם למקום, עבירות שבין אדם למקום יום הכיפורים מכפר וכו׳... עד שירצה את חבירו.

(בשם חסיד אחד)

# אמונה און אפיקורסות

## אַ טיפער רעיון

מיר זאָגען „אתה הוא אלוקינו" צוערשט אַ לשון נוכח (אתה), דערנאָך אַ לשון נסתר (הוא). וואָס איז די באַדייטונג דערפון?

דער הסבר דערפון איז: דער וואָס דענקט אַז „אתה" אַז ער האָט שוין משיג געווען די געטליכקייט און איז שוין מיט דעם אויבער־שטען פער „דו", דער איז נאָך אַלץ אין דער בחינה פון „הוא", דער איז נאָך אַלץ ווייט און פאַרבאָרגען פון משיג זיין די השגחה האלוקית. דער אָבער וואָס האָט דעם באַוואוסטזיין אַז וויפיל ער האָט שוין באַגריפען איז נאָך אַלץ ווייניג און באַהאַלטען פון אים און אַז ער איז נאָך אַלץ אין דער בחינה פון „הוא", דעמאָלט איז „אלוקינו". — אויב אתה איז הוא; אויב הוא איז אלוקינו...

(בשם צדיק אחד)

## אַ זעלטענע זאַך...

דעם וואָס איז „געכאַפּט" אין אפיקורסות, אַן אַזויגערופענער „אויפ־קלערטער" פלעגט מען אָנרופען מיט דער באַצייכענונג „משכיל". וועגען די דאָזיגע שטייגער טיפּען פלעגט דער רבי ר' בונם זצ"ל זיך אויסדריקען אויפ'ן פאָלגענדען איראָנישען אופן: „היש משכיל דורש את אלקים"? (תהלים י"ד, ב') אדרבה וויזט מיר אַ „משכיל" וואָס זאָל זיין באמת אָפּגעהיטען און פרום, אַ ריכטיגער דורש אלקים?...

(רבי ר' בונם פשיסכער זצ"ל)

## דעם מאמין איז גרינג אויפ'ן האַרצען

אויף דעם פסוק „איכה אשא לבדי טרחכם ומשאכם" זאָגט רש"י: „מלמד שהיו אפיקורסים". דערויף האָט דער רבי ר' נחמן בראַסלאַווער זצ"ל באַמערקט: דער אפיקורס איז תמיד אָנגעלאָדען מיט אַ משא פון ספיקות און צווייפלען, און שטענדיג דריקט אים עפּעס אויפ'ן האַרצען. דאַקעגען אָבער דעם מאמין איז לייכט אויפ'ן האַרץ, און ער טראָגט אַלץ אַריבער מיט צופרידענקייט, נישט זייענדיג פאַרצווייפעלט און נישט פרעגענדיג קיין קשיות.

(רבי ר' נחמן בראַסלאַווער זצ"ל)

## אמונה אין לעבען

„צדיק באמונתו יחיה" איז דער טייטש ער לעבט דורך זיין אמונה, זיין גאַנץ לעבען איז אַן אמונה. אַלע זיינע טואונגען ווערען קאָנטראָלירט דורך אמונה.

(בשם חסיד אחד)

## דער פחד פאַר'ן באַשעפער

דער בעל שם טוב הקדוש זצ"ל האָט זיך אַמאָל געווענדעט צום גוף זיינעם און געזאָגט: מיך וואונדערט אויף דיר, גוף מיינער, פאַרוואָס דו ביזט נאָך נישט צעקרישעלט געוואָרען פאַר אימת הבורא...

(בעל שם טוב הקדוש זצ"ל)

## ישועת ה' כהרף עין

עס שטייט אין תהלים (קכ"א) „מאין יבוא עזרי" — האָט דערויף אַ פאַרצייטישער צדיק געטייטשט מיט פאָלגענדען טיף אמונה'דיגען געדאַנק: „מאין" — אָפטמאָל אפילו טוט מען גאָרנישט קיין פעולה און מען ווייסט נישט פון וואַנען די הילף קען קומען, דאָך „יבוא עזרי" קען אַזוי אויך קומען די הילף.

(בשם צדיק אחד)

## אחדות — יחוד השם

אין דער צוואה פון רבי'ן ר' בער זצ"ל וואָס איז געזאָגט געוואָרען במעמד פון בעל ה„תניא" איז צווישען אַנדערען געהערט געוואָרען די ווערטער: „והוא באחד ומי ישיבנו", וואָס איז אויסגעטייטש געוואָרען אַז דער זין דערפון איז, אויב „אחד" אחדות און יחוד השם — ווער וועט זיי קענען בייקומען?

(מפי חסידים)

## ס'איז דאָ אַ באַשאַפער

דער באַרדיטשעווער זצ"ל האָט אַמאָל געזאָגט צו זיין שמש: גיי אין שוהל אַריין, גיב אַ קלאַפּ אין שטענדער און זאָג אַז דער באַרדיטשעווער לאָזט וויסען יונג און אַלט אַז עס איז דאָ אַן אַלמעכטיגער אויף דער וועלט...

(רבי ר' לוי יצחק באַרידטשעווער זצ"ל)

## אַ געגראַמטער זאָג פון אַ צדיק

ווענען רבי׳ן ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער זצ״ל ווערט דערציילט, אַז אין מינוטען פון גרויס דבקות האָט ער זיך אַמאָל געווענדערט צום רבונו של עולם מיט פאָלגענדע געגראַמטע ווערטער:

ניטש קיין גאָלד און זילבער, ניטש קיין שאָף און רינדער;
ניטש קיין וויב און קינדער, נאָר דיינע גרויסע וואונדער...

(רבי ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער זצ״ל)

## דער באַשעפער האָט פאַר יעדען

אַ חסיד איז אַמאָל געקומען צום רבי׳ן ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער זצ״ל און געגעבען אַ קוויטעל, אין וועלכען עס איז געשטאַנען געשריבען אַ בקשה אַז זלמן בן דבורה זאָל האָבען אַ מפלה.

דער רבי האָט אויסגעשטעלט אַ פאַר פאַרוואונדערטע אויגען אויפ׳ן חסיד און אים געפרעגט: היתכן? ווי וואַגט עס עפעס אַ איד צו שעלטען אַן אַנדערן איד?

האָט דער חסיד געענטפערט: זלמן האָט דאָס זעלבע געשעפט וואָס איך האָב. איך מאַטער זיך זייער אַרויסצוברענגען די פרנסה, און ער האָט פון אַלדאָס גוטס.

האָט דער רבי צו אים געזאָגט: האָסטו אַמאָל געזען אַ פערד ווי ער שטייט אין וואַסער און טרינקט מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ, קלאַפּט און טופּעט מיט די פיס, רייסט מיט ווילדקייט אויף אַלע זייטען. וואָס איז די סיבה פון דעם פערד׳ס קלאַפּען? דאָס איז דערפאַר ווייל דאָס פערד זיין צורה אָפּגעשפיגעלט אין וואַסער, מיינט עס אַז אַן אַנדער פערד וויל אויסטרינקען זיין וואַסער, קלאַפּט ער און ברומט מיט אויפרעגונג. אָבער דאָס פערד ווייסט נישט אַז דער קוואַל, דער ברונעם, גיט וואַסער פאַר יעדער באַשעפעניש...

אויך דער באַשעפער איז משביע לכל חי...

(רבי ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער זצ״ל)

## די שעדליכקייט פון אפיקורסות

דאָס וואָס די חז״ל זאָגען: „נזרקה בו מינות״ האָט דער רבי ר׳ יצחק׳ל װאורקער זצ״ל פאַרטייטשט, אַז אפיקורסות איז אַן „איינשפריצונג״ וואָס ווירקט אויפ׳ן גאַנצען קערפּער און פאַר׳סמ׳ט די נשמה...

(רבי ר׳ יצחק׳ל װאורקער זצ״ל)

## דער גיפט פון אפיקורסות

דער רבי ר׳ יהושע׳לע דזשיקאָווער האָט געזאָגט: געוויינטליך זעט מען אין לעבען, אַז וואָס עלטער אַ מענטש ווערט, ווערען ביי אים אַלע תאוות און ליידענשאַפטען צו פאַרבאָטענע זאַכען אָפּגעקילט און אָפּגעשוואַכט. אָבער איין זאַך איז פאַראַן וואָס ווערט נישט בטל אפילו אין די עלטערע יאָרען. און דאָס איז מינות, אפיקורסות.

דאָס איז דער טייטש „מין במינו״ — דער וואָס האָט אין זיך מינות און אפיקורסישע געדאַנקען, ווען אפילו ער זאָל לעבען טויזענט יאָר, „אפילו באלף — לא בטל״, וועט ער זיך האַלטען ביי זיין מינות און נישט אַנדערש ווערען...

(רבי ר׳ יהושע׳לע דזשיקאָווער זצ״ל)

## אַן אומהיילבאַרע קראַנקהייט

אַלע קראַנקהייטען זיינען נאָך צום קורירען און אויסהיילען. קוים אָבער גנ׳בעט זיך אַריין אין קאָפּ אפיקורסישע געדאַנקען, דעות כוזבות, דעמאָלט איז דער מענטש שוין אינגאַנצען אַ פאַרפאַלענער און אומהיילבאַר. דאָס איז דער מיין פון „כל חלי ולא חלי ראש״... (שבת י״א).

(בשם צדיק אחד)

# יצר הרע און יצר טוב

## ער האַנדעלט מיט נאַראָנים

פאַרוואָס ווערט דער שלעכטער אינסטינקט אָנגערופען **יצר הרע?**
„מלך זקן וכסיל" (קהלת ד', י"ג)? — ווייל ער האָט צו טאָן מיט נאַראָנים...
(בשם צדיק אחד)

## די טענה קעגען יצר הרע

דער רבי ר' נפתלי ראָפּשיצער זצ"ל האָט דערציילט: אין די יונגע יאָרען מיינע, ווען איך פלעג אויפשטיין פרי צום לערנען אָדער דאַווענען, האָט דער יצר הרע מכלומר'שט זיך אַרויסגעוויזען ווי אַ בעל רחמנות און מיר איינגערעדט: „נפתלי, וואָס איילסטו זיך אַזוי? אין דרויסען איז נאָך טונקעל. דער פראָסט קנאַקט. שלאָף נאָך אַביסעל". פלעג איך אַ שפרונג אַראָפּ געבען פון בעט און געזאָגט צום יצר הרע: אַוועק פון מיר, דו בעל דבר, האָסט זיך שוין אויפגעהויבען. דו אַרבייטסט שוין אויף אַלע כלים, און מיר הייסטו נאָך שלאָפען?...
(רבי ר' נפתלי ראָפּשיצער זצ"ל)

## ער שלאָפט נישט...

דער רבי ר' מרדכי נעסכיזשער זצ"ל האָט געפלעגט צו זאָגען:
„דו מענטש שלאָפסט, אָבער ער דער יצר הרע איז תמיד וואַך!
(רבי ר' מרדכי נעסכיזשער זצ"ל)

## אַ קלוגער מענטש זינדיגט נישט

דער רבי ר' נפתלי ראָפּשיצער זצ"ל פלעגט זאָגען: דער וואָס איז אַ חכם, דער זינדיגט קיינמאָל נישט, ווייל די חז"ל זאָגען דאָך: „אין אדם עובר עבירה אלא אם כן נכנס בו רוח שטות" (סוטה ג'). טאָ וויאַזוי קען אַ קלוגער מענטש באַגיין אַזאַ נאַרישקייט און זינדיגען?...
(רבי ר' נפתלי ראָפּשיצער זצ"ל)

## פּונקט ווי גלגול שלג

אַז עס קומט צום עסען און מען איז זיך מקרר פון תאוות אכילה, ווערט דאָס גערעכענט אַזוי ווי גלגול שלג.
(רבי ר' שלמה קאַרלינער זצ"ל)

## ראשי תיבות פון „גוף"

דער רבי פון אַלעקסאַנדער זצ"ל האָט אין אַ חסידות שמועס געמאַכט פונעם וואָרט „גוף" פאַרשיידענע ראשי תיבות אויף אידישע ווערטער און אַזוי אַרום אויסגעדריקט זיין ווידערווילען צו די קערפערליכע, ערדישע פאַרגעניגענס:

גוף מאַכט: גוף וויל פרעסען, גוף וויל פאַפען, גוף וויל פיען, גוף וויל פגר'ן, גוף וויל פוילען, גוף וויל פאַרט.

(אַלעקסאַנדערער רבי זצ"ל)

## וואָס צעברעכט די תאווה צו געלט?

דער רבי ר' נחמן בראַסלאַווער זצ"ל האָט געזאָגט: דורכ'ן געבען וואָס מער צדקה צעברעכט דער מענטש די ליידענשאַפט צו געלט און עס איז גלייך ווי ער וואָלט מקטיר געווען קטורת...

(רבי ר' נחמן בראַסלאַווער זצ"ל)

## די אויפגעהויבענע האַק

דער מענטש דאַרף זיך פאַרשטעלען דעם יצר הרע ווי אַ מערדער וואָס שטייט איבער אים מיט אַן אויפגעהויבענער האַק און וויל אים אָפּ־האַקען דעם קאָפּ.

דער מענטש ווידער, וואָס האָט נישט אַזאַ פאַרשטעלונגס קראַפט, איז אַ סימן אַז דער יצר הרע האָט אים שוין פון לאַנג דעם קאָפּ אָפּגעהאַקט...

(רבי ר' מענדעלע קאָצקער זצ"ל)

## גלייך און נישט גלייך

דער יצר טוב איז ביי יעדען גלייך, דאַקעגען דער יצר הרע איז נישט גלייך ביי אַלעמען, ווייל די חז"ל זאָגען דאָך אַז „כל הגדול מחבירו יצרו גדול הימנו" (סוכה נ"ב), קומט דאָך אויס, אַז וואָס גרעסער דער מענטש אַלץ גרעסער דער יצר הרע.

(רבי ר' נחמן בראַסלאַווער זצ"ל)

## די גרויסע פאַרבלענדעניש

דער יצר הרע גייט אַרום מיט אַ פאַרמאַכטער האַנט, שפּעטער ווען די האַנט ווערט געעפענט, זעט מען ערשט אַז עס איז אין איר גאָרנישט פאַראַן...

(רבי ר' נחמן בראַסלאַווער זצ"ל)

## דער יצר הרע האָט נישט קיין יצר הרע...

ווען דער רבי ר׳ אליעזר׳ל דזשיקאָווער זצ״ל איז נאָך געווען אַ קליין קינד, האָט ער געטאָן קינדערישע זאַכען. האָט אים דער פאָטער, דער רבי ר׳ נפתלי האָראָוויץ פון ראָפשיץ מוסר געזאָגט, אַז עס פּאַסט נישט פאַר אים צו טאָן מעשה ילדות.

האָט דער קליינער אליעזר׳ל זיך פאַרענטפערט און געזאָגט: וואָס זאָל איך טאָן, אַז דער יצר הרע האָט זיך אָנגעטשעפּעט אין מיר און לאָזט מיך נישט אָפּ.

האָט אים דער פאָטער געזאָגט: אדרבה, לערן דיך אָפּ פון יצר הרע זעלבסט, וועלכער ערפילט זיין שליחות אָנצורעדען דעם מענטש, און ער טוט דאָס באמונה שלימה. דאַרפסטו דאָך אוודאי פירען זיך על פי התורה און טאָן די מצוות הבורא יתברך בשלימות?

דערויף האָט דאָס קינד געענטפערט: אָבער דער יצר הרע האָט דאָך נישט קיין יצר הרע...

(רבי ר׳ אליעזר׳ל דזשיקאָווער זצ״ל)

## ביז דער לעצטער מינוט

דער בעל „ישמח ישראל" איז אַמאָל געזעסען ביי דער גסיסה פון אַן אַלטען טיפזיניגען חסיד און האָט אים געפרעגט: די חז״ל זאָגען אַז דער יצר הרע איז שולט אויף׳ן מענטש ביז צו דער לעצטער מינוט. טאָ זאָג מיר וואָס אַזוינס רעדט ער דיך איצט צו?

דערויף האָט אים דער חסיד געענטפערט: יאָ, ער איז דאָ דער בעל דבר אויך איצט. ער רעדט מיך צו איך זאָל זאָגען מיט גרויס התלהבות און דביקות „שמע ישראל", כדי מען זאָל זאָגען אויף מיר, אַ פייערדיגער חסיד געווען, זיין נשמה איז אויסגעגאַנגען בקדושה ובטהרה...

(בשם חסיד אחד)

## חסידים ווייזען דעם יצר הרע אַ פייג

אויף דעם פסוק „ויתפרו עלה תאנה" (בראשית ג׳, ז׳) ווערט גאָר דערציילט פאָלגענדער חסידישער טייטש: איין חסיד פרעגט דעם אַנדערן, פאַרוואָס האָט אדם הראשון זיך געמאַכט אַ גאַרטעל פון פייגען בלעטלעך? ענטפערט דער אַנדערער, ווייל אַ איד קוים גייט ער אין אַ גאַרטעל קאָן ער ווייזען דעם יצר הרע אַ פייג...

(בשם חסיד אחד)

## אַ בן מלך

דער גרעסטער יצר הרע איז ווען אַ איד פאַרגעסט זיך, אַז ער איז אַ בן מלך...

(רבי ר' שלמה קאַרלינער זצ"ל)

## מלאך און מענטש

דער רבי ר' משה קאָברינער זצ"ל פלעגט זאָגען: מלאך'ל, מלאך'ל, אַ קונץ אַז דו ביזט אין דער מדריגה פון אַ מלאך. קום נאָר אַראָפּ פון הימעל אויף דער ערד, פּרואוו זוכען פרנסה, פיר אַ פאַמיליע לעבען, לאָמיר דעמאָלט זען צי דו וועסט קענען זיין אַ מלאך?

(רבי ר' משה קאָברינער זצ"ל)

## מען גלוסט נאָר יענעמס

די חז"ל זאָגען: רוצה אדם בקב שלו מתשעה קבין של חבירו (בבא מציעא ל"ח). היינטיגע צייטען איז לײדער פאַרקערט: דער מענטש שטרעבט און גלוסט צו האָבען יענעמס ניין מעסטלעך, אײדער זיינס איין מעסטל...

(בשם צדיק אחד)

## פאַרוואָס ווערט דער יצר הרע אָנגערופען אַ נאַר?

דער ריזשינער זצ"ל, נאָכדעם ווי ער איז פריי געוואָרען פון דער תפיסה, וואו ער איז געזעסען צוליב אַ מסירה, האָט געזאָגט:

כ'האָב קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען דעם פשט פון דעם מאמר חז"ל אַז דער יצר הרע ווערט אָנגערופען „מלך זקן וכסיל". מילא אַ „מלך" איז ער, ווייל ער איז מושל און קיניגט אויפ'ן מענטש. אַ „זקן" איז ער ווייל פון געבוירען אָן איז דער יצר הרע אַ גאַסט ביים מענטש. אָבער פאַרוואָס רופט מען אים „כסיל"? אדרבה, ער נאַרט דאָך דעם מענטש מיט פאַרשידענע טריקס און שפּיצלעך אים אַריינצוכאַפּען אין זיין נעץ, באַנוצענדיג אַלערליי קינצען כדי צוצורעדען דעם מענטש צו זינדיגען?

נאָר זיצענדיג אין תפיסה, און אויך דאָרט האָט מיך דער יצר הרע באַזוכט... האָב איך שוין פאַרשטאַנען פאַרוואָס ער ווערט אָנגערופען „כסיל" וואָרים, מילא איך בין אַריינגעשליידערט געוואָרען מיט געוואַלט אין דער תפיסה צוליב אַ בלבול, האָב איך דאָך נישט געהאַט קיין ברירה און

געמוזט זיצען. אָבער דו, יצר הרע, וואָס ביזט געקומען אין תפיסה פרייוויליג אָן שום צוואַנג, צו דעם מוז מען שוין זיין אַ נאַר...

(רבי ר׳ ישראל׳טשע ריזשינער זצ״ל)

## דער יצר הרע איז אַן ערפינדער

אין יעדען דור געפינט דער יצר הרע פאַרשידענע מיטלען וויאַזוי צו ברענגען דעם מענטש צו נייע עבירות, רחמנא ליצלן, און די פגמים פון דער נשמה זיינען אויך פוגם דעם קערפער.

פון דעם נעמט זיך וואָס אין יעדער גענעראַציע קומען אויף אַזעלכע משונה׳דיגע קראַנקהייטען וועלכע זיינען נישט געוועזן אין דער פאַרגאַנגענהייט.

אָבער אויך דער יצר טוב שאַפט נייע מצוות, וועלכע זיינען אַ היילונגס קראַפט געגען די נייע קראַנקהייטען. דאָס איז דער מיין פון די ווערטער „בורא רפואות״.

(בשם צדיק אחד)

# עולם הזה און עולם הבא

## נישט די וועלט און נישט יענע וועלט

אין די פריערדיגע יאָרען האָט דער יצר הרע זיך באַמיט אָוועקצוטרייבען דעם מענטש פון עולם הבא, אָבער די היינטיגע צייטען פאַריאָגט דער יצר הרע דעם מענטש אויף פון דער וועלט, יאָגענדיג זיך נאָך פּרנסה און איבערגעטריבענעם לוקסוס, האָט ער שוין נישט קיין צייט און געדולד צו געניסען אפילו פון דער וועלט.

דאָס איז דער פּשט אין פּסוק „דחה דחיתני לנפול" (תהלים קי"ח, י"ג) — צוויי מאָל דער אויסדרוק „דחה", פאַרלירענדיגביידע וועלטען, בעט מען דעריבער „לא אמות כי אחיה" — די יאָרען זאָלען נישט אָוועקשטאַרבען אין גע׳יעג נאָך פּרנסה, און מען זאָל זוכה זיין צו דער לעבעדיגקייט ליכטיגקייט פון עולם הבא...

(בשם צדיק אחד)

## אַרויף אָדער אַראָפּ

די וועלט איז אַ לייטער. אָדער מען שטייגט אַרויף, אָדער מען נידערט אַראָפּ. קיין מיטעלוועג פון יאָ און ניין איז נישט פאַראַן. אינמיטען לייטער קען מען נישט שטיין בלייבען...

(בשם צדיק אחד)

## נישט אויף דער וועלט...

רעדענדיג וועגען די ליידען און מאַטערנישען פון מענטש אויף דער וועלט, האָט דער רבי ר' נחמן בראַסלאַווער זצ"ל געזאָגט: „עולם הזה אויף אונזער עולם איז נישטאָ"...

(רבי ר' נחמן בראַסלאַווער זצ"ל)

## עס לוינט נישט...

דער רבי ר' אייזיקל קאָמאַרנער זצ"ל שרייבט אין זיין ספר „נוצר חסד": ווען איך בין געווען אַ קליין קינד, האָב איך באַמערקט אַז ביי אונז אין הויז איז נישט געווען קיין שטיקעל ברויט אין משך פון אַ פּאָר טעג, און מיין טאַטע זצ"ל (ר' סענדער'ל קאָמאַרנער) איז געזעסען יומם ולילה און געלערנט, און זיין פּנים האָט געשטראַלט און געלויכטען פון גרויס אהבת התורה. און ווען ער האָט אַריבערגעטראָטען די שוועל פון אונזער

שטוב און דערזען אונזער עגמת נפש, האָט ער זיך אָנגערופען און געזאָגט: קינדער טייערע, עס איז נישט כדאי זיך אַזוי שטאַרק מצער צו זיין. ווי לאַנג דויערט דען אינגאַנצען די נעבעכדיגע וועלט? עס איז דאָך נישט מער ווי נישטיגע אַוועקפליענדע זיבעציג יאָר...

(רבי ר׳ אייזיקל קאָמאַרנער זצ״ל)

## שבת און עולם הבא

שבת איז גרעסער פון עולם הבא, ווייל שבת איז דער קוואַל פון וואַנען עולם הבא איז גענומען געוואָרען.

(רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל)

## איינרעדעניש

דער בית עולם איז פול מיט מענטשען וועלכע דענקען אַז אָן זיי וואָלט די וועלט נישט געקענט עקזיסטירען.

(בשם צדיק אחד)

## נידעריגער ווי די ערד

דער רבי ר׳ זושא האַניפּאָלער זצ״ל האָט אַמאָל — ווענדענדיג זיך צו דער ערד — געזאָגט: ערד, ערד, דו ביזט וויכטיגער פון מיר; פריער אָדער שפּעטער וועט דאָך קומען די צייט ווען איך וועל ליגען „אונטער״ דיר...

(רבי ר׳ זושא האַניפּאָלער זצ״ל)

## דער סימן פון אַ מנהיג ישראל

אין די זמירות פון שבת ווערט געזאָגט: „הוא אשר דיבר לעם סגולתו, שמור לקדשו מבואו ועד צאתו״. — לויט די חז״ל איז „דבר״ טייטש אַ פירער (פון לשון „דבר אחד לדור״).

האָט דער רבי ר׳ יחזקאל׳ע שיניאַווער זצ״ל דער בעל „דברי יחזקאל״ געטייטש די זמירות אַזוי: הוא אשר דיבר (פון לשון: דבר אחד לדור — איין מנהיג פאַר דעם דור) — ווער איז ראוי און קען זיין אַ מנהיג ישראל, לעם סגולתו — פאַר דעם אויסדערווײלטען אידישען פאָלק, שמור לקדשו מבואו ועד צאתו — דער וואָס איז נזהר און אָפּגעיטהען פון דער צייט וואָס ער איז געקומען אויף דער וועלט, ביז צום אַוועקגיין פון דער וועלט...

(רבי ר׳ יחזקאל שיניאַווער זצ״ל)

## מענטש און ערד

דעם פסוק „וראיתם את הארץ מה היא" (שלח יג) האָט דער רבי ר' אשר'ל סטאָלינער זצ"ל געטייטשט: באַטראַכט די „ערד" וועט איר באַגרייפען וואָס פאַר אַ פנים איר האָט אויף דער וועלט...

(רבי ר' אשר'ל סטאָלינער זצ"ל)

## אַלץ פאַרלוירען

צוליב אַ קליין תענוג'ל אָדער אַ שטיקעל פאַרגענוגען וואָס דויערט נישט מער ווי אַ פערטעל שעה, קען אַ מענטש פאַרלירען נישט נאָר עולם הבא, נאָר אויך דעם עולם הזה...

(רבי ר' נחמן בראַסלאַווער זצ"ל)

## וועלט באַטראַכטונג

דער רבי ר' ברוכ'ל מעזשיבוזשער זצ"ל האָט איינמאָל אין אַ שמועס מיט מקורבים זיך אויסגעדריקט: „ווי טייער, ליכטיג און גוט איז די וועלט, ווען מען טראַכט נישט צופיל אַריין אין איר; און ווי פינסטער און ביטער איז זי, ווען מען טראַכט זיך יאָ אַריין אין איר...

(רבי ר' ברוך מעזשיבוזשער זצ"ל)

## איז דאָס די וועלט?

די חז"ל זאָגען: בכה רבי, יש קונה עולמו בשעה אחת (עבודה זרה דף י') — פאַרוואָס האָט ער געוויינט?

ער האָט געוויינט ווי ער וואָלט געפרעגט: איז דאָס די וועלט, מ'שטיינסגעזאָגט?

(רבי ר' ברוכ'ל מעזשיבוזשער זצ"ל)

## דאָס געטליכע ספר

די וועלט איז אַ געטליך ספר. מען קען דאָרט לייענען די ווערטער אַהין און צוריק, פון פאָרנט און פון הינטען, יש מאין און אין מיש...

(רבי ר' פנחס'ל קאָריצער זצ"ל)

## דער יאַריד וואָס רופט זיך לעבען

דער רבי ר' דוד'ל מיקאָלאַיעווער זצ"ל איז אַמאָל אַהיימגעקומען פון אַ יאַריד, האָבען אים די קינדער אַרומגערינגעלט און געפרעגט: טאַטע, וואָס האָסטו געברענגט?

האָט דער רבי זיך אַוועקגעשטעלט און מיט טרערען אין די אויגען געזאָגט: ווען איך וועל זיך אומקערן פון דעם יאַריד וואָס רופט זיך לעבען און מען וועט מיך פרעגעןביים בית דין של מעלה: וואָס האָסטו געברענגט? — ווי איז מיר, וואָס וועל איך ענטפערן?

(רבי ר׳ דוד׳ל מיקאָלאַיעווער זצ״ל)

## אַ ריכטיגער לעבענס־וועג

דער מענטש אויף דער וועלטל דאַרף זיך באַטראַכטען ווי ער וואָלט געווען ווי אַ פעסל אָדער אַ קרוגעל. נעמענדיג פאַר ליב אַלץ וואָס דער בעל הבית גיסט דאָרט אַריין, ווייַן אָדער עסיג... אַזוי אויך דאַרף ער מקבל זיין באהבה פון השי״ת אַלץ, סיי דאָס גוטע און סיי ח״ו דאָס שלעכטע.

(רבי ר׳ אברהם יהושע העשל אַפּטער זצ״ל)

# אמת און שקר

## מען האָט זיך ליב אַליין צו נאַרען

דער רבי ר׳ יצחק׳ל וואָרקער זצ״ל איז אַמאָל זייער שאַרף אַרויס־געטראָטען געגען דער האַרבער עבירה פון פאַלשער וואָג און מאָס. צווישען דעם עולם האָט זיך געפונען אַ פשוט׳ער מילך־איד, ביי וועמען די ווערטער פון רבי׳ן האָבען געמאַכט אַ טיפען רושם און ער האָט באַשלאָסען אַז מהיום והלאה וועט ער איינפירען צו פאַרקויפען ריינע מילך אָן איין טראָפּען וואַסער.

אין אַ צייט אַרום איז דער מילך־איד געקומען צום רבי׳ן און זיך באַקלאָגט, אַז דער עולם האָט אויפגעהערט צו קויפען ביי אים מילך, און די קונים זאָגען אַז עפּעס איז די מילך קאַליע און נישט גוט.

האָט אים דער וואָרקער זצ״ל דערויף געענטפערט: דו זעסט דאָך אַז די וועלט איז אַזאַ עולם השקר, אַז זי וויל גיכער דאָס געפעלשטע איידער דאָס אמת׳ע. אויב אַזוי קענסטו נאָך חלילה פאַרלירען דיין פרנסה. בין איך דיר מתיר אַריינצוגיסען איין טראָפּען וואַסער אין יעדער קוואָרט מילך...

(רבי ר׳ יצחק׳ל וואָרקער זצ״ל)

## אַ געזאָגטער און אַ געשריבענער שקר

אַלע שקרים פאַרשווינדען אין לויף פון דער צייט, נאָר די שקרים וואָס זיינען פאַרשריבען די בלייבען איבער...

(בשם חסיד אחד)

## ערגער ווי דער טויט

דער רבי ר׳ פנחס׳ל קאָריצער זצ״ל האָט געזאָגט: זאָל ליבערשט די נשמה אַרויס פון גוף, איידער אַ ליגענט פון מיין מויל...

(רבי ר׳ פנחס׳ל קאָריצער זצ״ל)

## אַ שקרן איז ערגער פון אַ גנב

דער ליגנער איז ערגער פון אַ גנב. אַ גנב גנב׳עט דיין געלט, אָבער דער ליגנער באַ׳גנב׳עט דיין געדאַנק, דיין מחשבה, דיין צוטרוי, ער איז פאַרפירעריש.

(בשם צדיק אחד)

## דער אמת דאַרף אַרויסשרייען

דער סאַדיגורער רבי זצ״ל האָט געזאָגט: די ר״ת פון (חבקוק ב) א׳בן מ׳קיר ת׳זעק זיינען די אותיות „אמת״, ד. ה. אַז מען טאָר נישט פאַרשווייגען דעם אמת און אפילו פון די שטיינער דאַרף דער אמת אַרויסגעשריגען ווערען.

(רבי ר׳ אברהם יעקב זצ״ל פון סאַדיגור)

## דעם אמת דאַרף מען זוכען

אַ באַוואוסטער צדיק האָט אַמאָל געזאָגט: דעם אמת דאַרף מען זוכען ווייל דאָס איז אַ זאַך וואָס אַלע באַהאַלטען...

(בשם צדיק אחד)

## אַ זאַך וואָס לאָזט זיך נישט נאָכמאַכען

אַלץ אין דער וועלט קען מען אימיטירען און נאָכמאַכען, אַ חוץ דעם אמת, ווייל אמת וויבאַלד ער איז נאָכגעמאַכט הערט ער שוין אויף צו זיין אמת...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## צביעות איז עבודה זרה

דער רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל האָט אַמאָל געזאָגט אַז אַ מענטש מאַכט אַ פנים פאַר אַזאַ פנים וואָס איז נישט קיין פנים, איז עס עבודה זרה.

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## אל״ף בי״ת גימ״ל דל״ת

צוויי שותפים זיינען געקומען צום רבי׳ן ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער זצ״ל און געבעטען ער זאָל מתפלל זיין אַז זיי זאָלען מצליח זיין אין זייער נייעם מסחר. האָט דער רבי גענומען אַ שטיקעל פאַפיר און אויפ־געשריבען די אותיות א, ב, ג, ד.

אויף דער פאַרוואונדערונג פון די שותפים וועגען דער באַדייטונג פון די איינצעלנע אותיות, האָט זיי דער רבי דערקלערט, אַז דער פשט דערפון איז: אויב זיי וועלען האַנדלען מיט א׳מת, וועט זיין ב׳רכה. און אויב זיי וועלען שווינדלען און ברענגען צו ג׳זילה, דאַן וועט דער סוף זיין ד׳לות...

(רבי ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער זצ״ל)

## חוט השערה פון אמת

דער רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל פלעגט צו זאָגען: פון אמת צום שקר איז נאָר אַ האָר. מען דאַרף זיך נאָר איין בויג געבען פון אמת, און עס איז שוין אויס. דער יצר גנב׳עט פון זיי די דאָזיגע האָר אמת, און דערנאָך לאָזט ער זיי שוין לערנען און זיין חסידים. עס איז אים שוין נישט קיין נפקא מינה...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## אמת און שקר

עס שטייט „אמת מארץ תצמח״ (תהלים פ״ה), האָט מען אַמאָל געפרעגט דעם גערער רבי, דעם חידושי הרי״ם זצ״ל וואָס דאַרף מען פאַרזייען אַז עס זאָל אַרויסוואַקסען דער אמת?

האָט דער חידושי הרי״ם געענטפערט: אַז מען באַגראָבט דעם שקר אין דער ערד אַריין, וואַקסט דעמאָלט אַרויס דער אמת...

(דער חידושי הרי״ם זצ״ל)

## דער עקעל צום שקר

משיח וועט קומען ערשט דעמאָלט ווען מען וועט דערגרייכען צו אַזאַ מדריגה, אַז מען זאָל פילען אַן עקעל צום שקר.

(רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ״ל)

## קיינער זוכט נישט דעם אמת

אין תהלים (פ״ה, ב׳) שטייט: „אמת מארץ תצמח״ — דער אמת שפּראָצט אַרויס פון דער ערד. האָט דער מעזריטשער מגיד דער רבי ר׳ בער זצ״ל געזאָגט: אויב דער אמת וואַקסט אַזוי לייכט, טאָ פאַרוואָס איז פאַראַן אַזוי ווייניג אמת? נאָר דער תירוץ איז, ווייל קיינער וויל זיך נישט אַרונטערבייגען כדי אויפצוהייבען דעם אמת...

(רבי ר׳ בער בשם בעל שם טוב הקדוש זצ״ל)

## אמת און וואָר

ווי וויים פאַרצייטישע פירער פון חסידים האָבען ליב געהאַט אידיש לשון, קען מען זען פון פאָלגענדען עפּיזאָד. ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל האָט אַמאָל אין אַ שמועס באַנוצט די ווערטער: „וואָס איז אמת״? און האָט זיך גלייך צוריקגעכאַפּט: וואָס איז „וואָר״?

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## אַ פאַלשער שלום

עס איז בעסער אַ פאַלשער שלום, איידער אַן אמת׳ע מחלוקת...
(בשם צדיק אחד)

## אַ גרויסער בעל זכרון

דער רבי ר׳ יחזקאל שיניאָווער זצ״ל איז געווען שטאַרק נזהר אין שמירת הלשון, נישט ריידענדיג אויף קיינעם קיין שלעכט וואָרט. איינמאָל איז אים אויסגעקומען צו זאָגען אויף איינעם אַז יענער איז אַ ליגנער, ער האָט אָבער נישט געוואָלט אַרויסברענגען דעם אויסדרוק פון מויל, האָט ער דאָס געזאָגט אויף אַן איראָנישען שאַרפזיניגען אופן: דער און דער איז אַ שאַרפער בעל זכרון. איינער געדענקט וואָס עס האָט פּאַסירט מיט צען יאָר צוריק. איינער געדענקט די געשעענישען פון צוואַנציג יאָר צוריק א. א. וו. אָבער דער איז אַזאַ געוואַלדיגער בעל זכרון, אַז ער געדענקט אפילו אַזלכע פּאַסירונגען וואָס האָבען זיך קיינמאָל נישט אָנגעהויבען...
(רבי ר׳ יחזקאל׳ע שיניאָווער זצ״ל)

## נישט אַלעמאָל דאַרף מען זאָגען דעם אמת

אַ פּאַרצייטישער צדיק האָט וועגען אמת און שקר געגעבען אַ וואונדערבאַר משל:

געווען אַמאָל אַ פילאָזאָף וועלכער האָט קיינמאָל נישט געזאָגט קיין ליגענס. אַמאָל האָט עמיצער נאָכגעיאָגט דעם אַנדערען און אים געוואָלט הרג׳ענען, האָט יענער זיך באַהאַלטען ביים פילאָזאָף אין הויז. איז געקומען דער נאָכיאָגער און געפרעגט דעם פילאָזאָף: האָסטו געזען דעם און דעם? יאָ — האָט ער אים געענטפערט — דער אַנטלויפער געפינט זיך ביי מיר... דער אַנטלויפער האָט קיין ליגען נישט געזאָגט... — דער נמשל איז קלאָר.

(בשם צדיק אחד)

## דער אונטערשיד

דער שיניאָווער רבי ר׳ יחזקאל׳ע זצ״ל פלעגט זאָגען: צווישען מיר און מיין ברודער, דער רבי ר׳ ברוך׳ל גאָרליצער, איז פאָלגענדער אונטערשיד: מיין ברודער האָט ליב דעם אמת, איך אָבער האָב פיינט דעם שקר...

(רבי ר׳ יחזקאל׳ע שיניאָווער זצ״ל)

## מיט׳ן כח פון אמת

דער רבי ר׳ מענדעלע פון קאָצק זצ״ל האָט געזאָגט: דער שם המפורש מיט וועלכען משה רבינו האָט גע׳הרג׳עט דעם מצרי איז געווען דער אמת.

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## אַ געפעלשטער צדיק איז דער גרעסטער קאַליקע

אַ מקורב האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי׳ן ר׳ בונם פון פשיסכע זצ״ל, עס שטייט ה׳ פוקח עוורים, זוקף כפופים, אוהב צדיקים (תהלים קמ״ו) — דער רבונו של עולם מאַכט זעעוודיג די בלינדע די וואָס זיינען איינגעבויגען גלייכט ער אויס, ער האָט ליב די צדיקים. היתכן, אַז צדיקים זאָלען ווערען אויסגערעכענט ווערען צווישען קאַליקעס? נאָר — האָט דער רבי ר׳ בונם געענטפערט — עס איז נישט פאַראַן קיין גרעסערע קאַליקע ווי דער וואָס האַלט זיך פאַר אַ צדיק און ווי דער וואָס רעדט זיך איין אַז ער איז תמיד דער גערעכטער...

(רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ״ל)

## אַזוי און אַזוי

וועגען די מענטשען וואָס האָבען נישט קיין קאָנסעקווענטע שטעלונג אין לעבען, וואַקלען זיך אַמאָל אויף רעכטס און אַמאָל אויף לינקס, אַמאָל זיינען זיי פרום און אַמאָל פריידענקער, האָט דער מונקאַטשער רבי זצ״ל זיך אויסגעדריקט: אַזוי און אַזוי איז אַ שתי וערב, אַהין און אַהער שמעקט מיט צלם... (די ברעטלעך פון אַ שתי וערב זיינען געשטעלט אין דער לענג און אין דער ברייט, אַזוי און אַזוי).

(רבי ר׳ חיים אלעזר מונקאַטשער זצ״ל)

## דער אמת איז נישט בלויז אויף עקספּאָרט

פאַראַן מענטשען וועלכע פּרעדיגען כסדר וועגען אמת, באַקלאָגען זיך תמיד דערויף וואָס די וועלט איז פאַלש און מען גייט נישט מיט׳ן אמת. אָבער ווען עס האַנדעלט זיך וועגען זייער אייגען פּריוואַט לעבען, זיינען זיי ליידער זייער זייער ווייט פון אמת.

דאָס איז דער טייטש פון פסוק: „אמת קנה ואל תמכור" (משלי כ״ג, כג) — קויף דעם אמת פאַר זיך אַליין, פאַר דיין אייגען געברויך, נישט בלויז פאַר יענעם אויף עקספּאָרט...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

### פון וואָס מען דאַרף זיך אַממייסטען דערווייטערן

ביי קיין שום עבירה האָט די תורה הקדושה נישט אָנגעזאָגט אַז מען זאָל זיך דערווייטערן, נאָר ביי שקר — „מדבר שקר תרחק" משפטים כג, ד), נישט נאָר דאַרף מען אויסמיידען דעם שקר, נאָר מען זאָל זיך ממש דערווייטערן פון אים כמטחוי קשת...

(רבי ר' זושא האַניפּאָלער זצ"ל)

### א מ ת

די ראשי תיבות פון „א'מת מ'ארץ ת'צמח" (תהלים פה, ב') זיינען „אמת" — כדי צוצוקומען צו דער מדריגה פון אמת, דאַרף מען זיך האַלטען נידעריג ווי די ערד...

(בשם צדיק אחד)

### איין פּראָצענט שקר

דער רבי ר' ברוכ'ל גאָרליצער זצ"ל האָט געזאָגט: ווען איך זע אַ מענטש וועלכער באַזיצט ניין און ניינציג פּראָצענט אמת און איין פּראָצענט שקר קען איך נישט שטיין אין זיינע ד' אמות...

(רבי ר' ברוך גאָרליצער זצ"ל)

### ווען דער שקר געפעלט

איידער משיח וועט קומען וועט דער שקר מער געפעלען ווי דער אמת: דאָס איז דער טייטש אין פסוק „שקר החן והבל היופי" (משלי ל"א) דער שקר וועט געפינען חן אין די אויגען פון מענטשען, און נאַרישקייט וועט באַטראַכט ווערען ווי אַ שיינע זאַך...

(בשם צדיק אחד)

# אָרים און רייך

## צופיל געלט מאַכט אומגליקליך

דער מענטש גראָבט אוצרות גאָלד, אָבער אָפטמאָל באַגראָבט דאָס גאָלד דעם מענטש...

(בשם צדיק אחד)

## פאַרוואָס מען דאַרף ליב האָבן אָרימעלייט

דער צאַנזער רבי דער בעל „דברי חיים" זצ"ל האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט: „איך האָב שטאַרק ליב אָרימעלייט. איר ווייסט פאַרוואָס? ווייל השי"ת האָט זיי ליב..."

(רבי ר' חיים צאַנזער זצ"ל)

## גוט וואָס דו ביזט געקומען

צוויי גערער חסידים, גרויסע גבירים, האָבן זיך משדך געווען. אינצווישען איז איינער געוואָרען פאַראָרימט. דער אַנדערער מחותן, וועלכער איז פאַרבליבען אַ גביר, האָט געוואָלט פטור ווערען פון שידוך. איז ער געקומען צום רבי'ן און אים דערציילט אַז מיט אים האָט פאַסירט אַן אומגליק, זיין מחותן איז געוואָרען אַ יורד.

אויסהערענדיג די מעשה, האָט אים דער רבי געזאָגט נאָר פינף ווערטער: „גוט וואָס ביזט געקומען פרעגען.

דער חסיד איז געבליבען פאַרוואונדערט פון דעם רבי'נס אומפאַר־שטענדליכע ווערטער, אָבער דער רבי האָט אים מסביר געווען. פאַרוואָס פאַרשטייסטו נישט? נאָך גוט וואָס דו ביזט געקומען פרעגען און נישט יענער. ווען עס וואָלט געווען פאַרקערט, אַז יענער זאָל בלייבען דער גביר און דו דער אָרימאַן, וואָלט דאָך יענער געקומען צו מיר...

(בשם חסיד אחד)

## נגידים

וועגען די גרויסע נגידים, וועלכע זיינען ביי זיך האָפערדיג, מיינענדיג אַז זיי זיינען גרויסע אויפטוערס און פאַרשטייען שוין אַלץ, האָט רבי נחמן בראַסלאַווער זצ"ל געזאָגט: די גרויסע נגידים זיינען כמעט אַלע משוגעים, דאָס געלט מאַכט זיי משוגע...

(רבי ר' נחמן בראַסלאַווער זצ"ל)

## רחמנות אויף אַ קאַרגען

עס איז אַ רחמנות אויף אַ מענטש וואָס זאַמעלט כסדר געלט, לעבט אין אָרימקייט כדי צו שטאַרבען אין רייכקייט.

(רבי ר׳ יחזקאל׳ע שיניאַוועך זצ״ל)

## געלט מאַכט נישט גליקליך

דאָס ערגסטע פון אָרימקייט איז וואָס דער אָרימאַן פאַנטאַזירט און גלויבט אַז אויב ער וועט רייך ווערען און האָבען אַ סך געלט, וועט ער דאַן נישט מער האָבען קיין ענגשאַפט, ליידען און אומגליקען...

(רבי ר׳ דוב בער פון ראַדאָשיץ זצ״ל)

## געלט און יראת שמים

אַ פאַרצייטישער צדיק האָט געוואונטשען זיינס אַ חסיד: השי״ת זאָל דיר העלפען זאָלסט האָבען אַ סך געלט און ווייניג יראת שמים. האָט דער חסיד זיך געוואונדערט, היתכן?

דער רבי האָט באַמערקט דעם חסיד׳ס וואונדערען זיך און ער האָט אים מסביר געווען: איך מיין דערמיט צו זאָגען אַז וויפיל געלט דו וועסט האָבען זאָל עס הייסען ביי דיר אַז דו פאַרמאָגסט אַ סך; און וויפיל יראת שמים דו וועסט פאַרמאָגען זאָלסטו זיך אַלץ אַרומדרייען מיט׳ן געדאַנק אַז עס איז צו ווינציג...

(בשם צדיק אחד)

## צו וועמען דאָס געלט פאַלט אַריין

אַ קאַרגער גביר האָט אַמאָל באַזוכט דעם רבי׳ן ר׳ יהושע׳לע דזשיקאָווער זצ״ל און זיך פאַר אים אויסגערעדט דאָס האַרץ און געבעטען אַן עצה: „היות איך בין שוין אַלט און איך האָב מיר געמאַכט אַ חשבון הנפש וואו איך האַלט אין דער וועלט, וואָלט איך געוואָלט אַז דער רבי זאָל מיר אָנווייזען עפעס אַ וויכטיגען מיוחס׳דיגען אָרימאַן, וועמען איך קען אָוועקגעבען מיין גאַנץ געלט אויף צדקה״.

האָט דער דזשיקאָווער רבי אַ שמייכעל געטאָן און געענטפערט: דיין געלט איז גאָרנישט אַזוי מיוחס׳דיג, אַז עס זאָל דאַרפען האָבען אַ חשוב׳ען באַזיצער. דער בעסטער באַוויז איז — אַט זעסטו דאָך צו וועמען דאָס געלט איז אַריינגעפאַלען — צו אַזאַ אוממענטש ווי דו ביזט...

(רבי ר׳ יהושע׳לע דזשיקאָווער זצ״ל)

## אַ שמח בחלקו

דער רבי ר׳ מעכעלע זלאָטשעווער זצ״ל האָט אין די ערשטע יאָרען פון זיין רבי׳סטווע געלעבט אין גרויס דחקות, דאָך איז ער שטענדיג געווען בשמחה. אויף דער פראַגע פון די מקורבים וויאַזוי ער קען מאַכען די ברכה „שעשה לי כל צרכי״ אין דער צייט ווען ער האָט נישט אַלץ וואָס ער דאַרף האָבען? האָט דער צדיק געענטפערט: אוודאי קען איך מאַכען די ברכה, ווייל דאָס וואָס איך דאַרף האָבען איז דאָך אָרימקייט, און דאָס האָב איך דאָך...

(רבי ר׳ מעכעלע זלאָטשעווער זצ״ל)

## דער גביר און דער אַרעסטאַנט

אַ קאַרגער גביר וואָס האָט נישט גענוג ווילען צו טאָן גוטס מיט זיין געלט איז געגליכען צו אַן אַרעסטאַנט.ביידע זיינען געבונדען. דער אַרעסטאַנט — אין אייזערנע קייטען; און דער גביר — אין גאָלדענע קייטען.

(בשם צדיק אחד)

## צו וואָס דאָס יאָגעניש?

דער רבי ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ״ל האָט אַמאָל באַמערקט אַ מאַן וואָס איז געגאַנגען אין גאַס, זיך געאיילט און געיאָגט, נישט אומ־קוקענדיג אין ערגעץ און געהאַלטען אין לויפען. פרעגט אים דער באַר־דיטשעווער: „וואָס לויפסטו דאָס אַזוי, און צו וואָס אַזאַ געאייל״?

„איך זוך פרנסה״ — האָט אים דער מאַן געענטפערט.

„פונוואַנען ווייסטו — פרעגט אים דער באַרדיטשעווער — אַז די פרנסה איז געלאָפען פאָראויס אַז דו דאַרפסט זי נאָכיאָגען, אפשר געפינט זיך די פרנסה הינטער דיר און דו דאַרפסט גאָר שטיין אויף דיין אָרט און וואַרטען ביז די פרנסה וועט קומען צו דיר. מיט וואָס ביזטו זיכער, אַז דו אַנטלויפסט נישט פון דער פרנסה?״

(רבי ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ״ל)

## הכל תלוי במזל

שלמה המלך האָט געזאָגט: עשיר ורש נפגשו — עושה כולם ה׳״ (משלי כ״ב, ב׳) דער גביר מיינט אַז ער האָט דערגרייכט זיין רייכקייט צוליב זיין טיפער חכמה און גוטע קוואַליפיקאַציעס. דעם אָרימאַן דאַכט זיך ווידער אַז ער איז אַ לא יוצלח, אַז ער איז צו גאָרנישט פעאיג. די

אַרומיגע מענטשען טראַכטען דאָס זעלבע וועגעןביידע. דעם עושר האַלטען זיי פאַר אַ גאַנצען קאָפּ־מענטש, און אויף דעם אָרימאַן קוקען זיי ווי אויף אַ שלים־מזל.

פאַקטיש איז צומייסטענס נישט אַזוי. ווען עס איז „עשיר ורש נפגשו" — בשעת דער עושר מיט'ן אָרימאַן קומען זיך צוזאַמען און מען באַקענט זיך מיט ביידענס אייגענשאַפטען, דערוויסט מען זיך ערשט דעמאָלט אַז דער קבצן איז אפשר נאָך קלוגער און פיינער פון דעם עושר, און אַז דער נגיד איז נישט קיין גרעסערער חכם פון דעם אָרימאַן. נאָר וואָס דען? „עושה כולם ה'" — ג־ט האָט אַזוי געוואָלט. עס איז פּשוט אַ מזל זאַך.

(רבי ר' אשר'ל רימאַנאָווער זצ"ל)

## בלויז אַלס עשירים

אַלע מפרשים וואונדערן זיך אויף דעם מאמר חז"ל: רבי מכבד עשירים (עירובין פ"ו) — רבי האָט אָפּגעגעבען כבוד פאַר די רייכע לייט. היתכן?

האָט דער ראַדזימינער רבי געענטפערט, אַז דער פשט איז אַזוי: רבי האָט מכבד געווען די עשירים בלויז אַלס עשירים, אָבער נישט ווי אַנדערע וועלכע מאַכען זיי אויך פאַר חכמים, לומדים און צדיקים...

(רבי ר' שלמה ראַדזימינער זצ"ל)

## צופיל געלט פאַרדאַרבט דעם מענטש

זינט דאָס בית המקדש איז חרוב געוואָרען איז דאָס רייכטום אַריינ־געפאַלען אין אומווירדיגע הענט, אין דער בחינה פון „ותרד פלאים", פלאים זיינען די זעלבע אותיות וואָס „אלפים" (טויזענטער).

דער וואָס האָט אַ סך געלט און ווייסט נישט וויאַזוי דאָס אויס־צונוצען צו גוטען צוועקען, איז אַ סימן פון ירידה, און עס קען שאַדען צו דינען דעם אויבערשטען ווי עס באַדאַרף צו זיין...

(רבי ר' נחמן בראַסלאַווער זצ"ל)

## אַ מאָדערנע עבודה זרה

דער וואָס פאַרשווענדט אַלע זיינע כוחות אין דעם געיעג נאָך געלט אָדער אַנדערע מאַטעריאַליסטישע פאַרגעניגענס, הייסט דאָס „עבודה זרה", וואָס ווערטערליך איז דער טייטש דערפון אַ זאַך וואָס איז פרעמד דעם אידישען גייסט.

דאָס איז מרומז אין די ווערטער פון רבי ישמעאל: „ישראל שבחוץ לארץ עובדי עבודה זרה בטהרה הן" (ע"ז דף ח') — מען קען אויך אויף אַ כשר'ן אופן דינען די עבודה זרה. עס מוז נישט דוקא זיין קיין געץ...

(רבי ר' יצחק לענטשנער זצ"ל)

## אייגענס און פרעמדס

דער קאַרגער זאָרגט זיך תמיד וועגן זיין געלט אַזוי ווי עס וואָלט געווען זיין אייגענס, און ער האָט מורא דערפון צו געניסען אַזוי ווי עס וואָלט געווען פרעמדס...

(בשם צדיק אחד)

## די תאוה צו געלט

פאַראַן מענטשען ביי וועמען דאָס געלט איז ביי זיי אַ קולט, און זיי גלויבען אין דעם ווי אין ג־ט. דאָס האָט דער בעל התהלים געבעטען: „הצילני מדמים־אלקים" (תהלים ל"ד) — כ'בעט דיך, באַשעפער, באַהיט און באַשירעם מיך אַז געלט זאָל ביי מיר ח"ו נישט ווערען גיין ג־ט...

## ווער איז ווער?

ווער איז רייך? דער וואָס גיט. ווער איז אָרים? דער וואָס האָט אַ פאַרמאַכטע האַנט...

(בשם חסיד אחד)

# שטאָלץ און באַשיידענקייט

## וואָס הייסט אמת'ע ענוות

דער רבי ר' יחיאל מאיר גאַסטינינער זצ"ל האָט מסביר געווען פאַרוואָס עס איז נישט פאַראַן אין דער תורה הקדושה קיין באַזונדערע מצוה אויף באַשיידענקייט — אויפ'ן פאָלגענדען טיפזיניגען אופן:

וויאַזוי קען דאָ מעגליך זיין אַ מצוה? ווען די תורה וואָלט געשריבען: „אל תתגאה והיה עניו" — זיי נישט ביי זיך שטאָלץ, נאָר האַלט זיך באַשיידען — וואָלט עס באַדייטעט אַז אין דער אמת'ן איז דער מענטש טאַקע עפּעס אַ יש, נאָר די תורה פאַרלאַנגט פון דיר זאָלסט זיין שפל'דיג. דאָס הייסט אָבער נישט קיין ריכטיגע ענוות. אמת'ע, נישט געפעלשטע ענוות איז ווען דער מענטש האָט דאָס באַוואוסטזיין און טראָגט זיך תמיד אַרום מיט'ן געדאַנק אַז ער איז באמת גאָרנישט מיט נישט...

(רבי ר' יחיאל מאיר גאסטינינער זצ"ל)

## איינרעדעניש

דער רבי ר' פנחס'ל קאָריצער זצ"ל האָט אַמאָל אַריינגעזאָגט איינעם אַ רב וואָס איז געווען אַ בעל־גאוה און האָט אים נישט פריינטליך אויפ־גענומען. ר' פנחס'ל האָט געזאָגט: עס איז מיר תמיד קשה פאַרוואָס אַז דער קעניג טוט אויס די קרוין טוט ער זי אָן אויף אַ טשוואָק פון דער וואַנט און נישט אויף קיין מענטשליכען קאָפּ וואָס וואָלט דערצו גיכער געווען צוגעפּאַסט?

דער תירוץ איז, ווייל דער מענטש וואָלט זיך איינגערעדט אַז ער איז אַ קעניג און אַז די קרוין קומט אים טאַקע און פּאַסט פאַר אים. אָבער אַ טשוואָק בלייבט אַ טשוואָק...

(רבי ר' פנחס'ל קאָריצער זצ"ל)

## באַשיידענקייט

דער רבי ר' בונם פשיסכער זצ"ל האָט שטאַרק ליב געהאַט מענטשען וואָס פירען זיך באַשיידען און נישט געהאַלטען פון די וואָס שטופּען זיך אין פאָדערגרונט. ער האָט עס פאָרמולירט אין פאָלגענדען קורץ געפּאַסטען אויסדרוק: דער וואָס פאַרנעמט נישט קיין אָרט, האָט אומעטום אַן אָרט...

(רבי ר' בונם פשיסכער זצ"ל)

## פשטות

דער רבי ר׳ אייזיקל קאַליווער זצ״ל האָט נישט געהייסען שרייבען קיין שבחים אויף זיין מצבה, נאָר בלויז די פּאָר ווערטער: „הי׳ ערליכער איד והי׳ יכול ללמוד על הדף״...

(רבי ר׳ אייזיקל קאַליווער זצ״ל)

## די פּערל אין מיסט

רעדענדיג וועגען דער מידה טובה פון באַשיידענקייט און די מידה מגונה פון גאוה, האָט דער רבי ר׳ מענדעלע רימאַנאָווער זצ״ל געזאָגט פאָלגענדען פאָעטישען געדאַנק:

נישט פאַראַן קיין שענערע פּערל ווי עס איז די מידה פון ענוות און עס איז נישט פאַראַן קיין מיאוס׳ערע זאַך ווי מיסט. איך באַהאַלט דעריבער די פּערל אינעם מיסט...

(רבי ר׳ מענדעלע רימאַנאָווער זצ״ל)

## פון אויבען אַראָפּ

דער רבי ר׳ אלעזר האָראָוויץ, דער גראָדזשיסקער רבי הי״ד האָט אַמאָל באַזוכט אַ קור־אָרט אַרום די קאַרפּאַטען בערג. אַראָפּקוקענדיג פון די בערג אויף דער שטאָט האָט ער געזאָגט צו זיינע מקורבים:

גיט אַ קוק ווי קליין און נעבעכדיג אַלע גרויסע זאַכען זעען אויס אונטען, ווען אַ מענטש קוקט אַראָפּ פון אויבען...

(רבי ר׳ אלעזר גראָדזשיסקער זצ״ל)

## ביטול היש

פאַראַן מענטשען וואָס האָבען ליב צו קוקען מיט ביטול און גרינג־שעצונג אויף אַנדערע. וועגען די יעניגע האָט דער קאָצקער רבי זצ״ל זיך אויסגעדריקט אויף׳ן פאָלגענדען שאַרפזיניגען אופן: איך האָב ליב אַ מפקיר, אָבער נאָר ווען ער איז מפקיר זיך אַליין, נישט ווען ער איז מפקיר אַנדערע...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## פאַלשע ענוות

דער בעל שם טוב הקדוש זצ״ל האָט שטאַרק פאַראַכטעט די מענטשען וואָס פּאַזירען מיט פאַלשער ענוות. וועגען די דאָזיגע לייט האָט ער געזאָגט: דער וואָס זאָגט מיט׳ן מויל „ואנכי תולעת ולא איש״ (תהלים

י״ח), און דאָס האַרץ איז פול מיט גדלות, איז ווי דער וואָס שווערט די׳ שבועה „אין לי״ און האַלט בשעת מעשה אַ טייסטער מיט געלט אין דער האַנט.

(בעל שם טוב הקדוש זצ״ל)

## דער אומזין פון גרויסהאַלטעריי

דער בעל „חידושי הרי״ם פלעגט זאָגען: מיט וואָס האָט זיך דען אַ מענטש גרויס צו האַלטען? קען זיך דען אַ נידעריגער מענטש האַלטען גרויס ווייל ער שטייט אויף אַ הויכען דאַך? וואָס פאַר אַ פּנים האָט דעמאָלט אַזאַ שטייגער גאוה?...

(דער חידושי הרי״ם זצ״ל)

## דער מענטש און די קונסט

מען באַגעגענט אָפט אין לעבען אַז מענטשען שוינען שטאַרק זאַכען פון קינסטלערישען ווערט. דאַקעגען אויף דעם מענטש אַלס אַזעלכען קוקט מן זיך ווייניג אום.

דעם דאָזיגען צושטאַנד האָט דער רבי ר׳ ישראל׳טשע ריזשינער זצ״ל אויסגעדריקט אויפ׳ן פאָלגענדען בילדליכען אופן: די קונסט־ווערק פון אַ מאלער האַלט מען אין די מוזעאומס, און דער מענטש וואָס איז דעם אויבערשטענס האַנטווערק, כביכול, וואַלגערט זיך נעבעך אין מיסט...

(רבי ר׳ ישראל׳טשע ריזשינער זצ״ל)

## דער ריכטיגער עניו

עס זיינען פאַראַן צווייערליי סאָרטען מענטשען וואָס האַלטען זיך באַשיידען. פאַראַן אַזעלכער וועלכער זאָגט אַז ער אַליין איז אַ גאָרנישט און אויך אַנדערע מענטשען זיינען גאָרנישטען. אַזעלכער איז אַ געפעלשטער עניו. דער אמת׳ער ריכטיגער עניו איז דער וועלכער ווייסט ביי זיך אַז אַלע אַנדערע מענטשען זיינען בעסער און העכער פון אים...

(רבי ר׳ שלום בעלזער זצ״ל)

## אויסערליכער שטאָלץ און אינערליכע צעבראָכענקייט

דער מהר״ש זצ״ל האָט געזאָגט וועגען רבי׳ן ר׳ ישראל׳טשע פון ריזשין זצ״ל, אַז ער פאָרט אין אַ גאָלדענער קאַרעטע באַשפּיץ, און דאָך האַלט ער ביי דער העכסטער מדריגה פון „נפוגותי ונדכיתי עד מאד...

(דער מהר״ש זצ״ל)

## די כבוד זוכער

די וואָס זוכען כבוד האַלטען פון די גרויסע און ליבען זיי שטאַרק, און פון די קלענערע פאַרלאַנגען זיי אַז מען זאָל פון זיי האַלטען און שטאַרק ליבען...

(בשם צדיק אחד)

## די צוויי אויגען

דער מענטש איז באַשאַפען געוואָרען מיט צוויי אויגען. דאָס איז דערפאַר ווייל מיט איין אויג דאַרף דער מענטש זען יענעמ׳ס מעלות און גוטע אייגענשאַפטען, און מיט׳ן אַנדערן אויג — זיינע אייגענע חסרונות און נישטיגקייטען.

(רבי ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער זצ״ל)

## אַ פוסטע באַרימעריי

עס איז נישט שיין זיך צו באַרימען מיט דעם וואָס מען האָט, אָדער מיט דעם וואָס מען ווייסט. אָבער נאָך מיאוס׳ער איז זיך צו באַרימען מיט דעם וואָס מען האָט נישט אָדער מיט דעם וואָס מען ווייסט נישט...

(בשם חסיד אחד)

## זעלבסט באַרימעריי

צו וואָס דאַרף אַ מענטש זיך אַליין באַרימען און ליבען? שיינקייט — זעט מען. חכמה — הערט מען. גוטסקייט — פילט מען.

(בשם צדיק אחד)

## פאַרוואָס אַ רב שטייט לאַנג שמונה עשרה?

געוויינליך שטייט אַ רב אָדער אַ רבי לאַנג שמונה עשרה. פאַרוואָס איז דאָס אַזוי?

האָט דערויף ערקלערט איינער פון די פאַרצייטישע חסידים, אַז דאָס איז ווייל די חז״ל זאָגען (ברכות ס״א) המאריך בתפלתו מאריכין לו ימיו ושנותיו, לאַנג דאַווענען איז אַ מיטעל לאַנג צו לעבען, און אַ רב אָדער אַ רבי נויטיגט זיך אין דער סגולה אַממיינסטען, ווייל עס ווערט דאָך געזאָגט אין פרקי אבות אַז „הרבנות מקברת את בעליה״ — רבנות פאַרקירצט די יאָהרען, דעריבער זיינען זיי מאריך בתפילה...

(בשם חסיד אחד)

## צוויי קעשענעס

דער רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ״ל פלעגט זאָגען: „דער מענטש דאַרף האָבען צוויי קעשענעס מיט וועלכע ער זאָל זיך באַנוצען אויף אַ פאַסיגען אופן. איין קעשענע זאָל ער האַלטען פאַר׳ן „אנכי עפר ואפר״ (איך בין ערד און אַש) — דאָס הייסט אַז מען וועט אים באַליידיגען זאָל ער נישט מאַכען דערפון קיין ווענן.

די צווייטע קעשענע זאָל ער האָבען פאַר׳ן „בשבילי נברא העולם״ (די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען פאַר מיר) — דאָס הייסט, אַז ווען מען קומט צו אים ווענען העלפען אַ נויטליידענדען, זאָל ער נישט זאָגען „ווער בין איך און וואָס האָב איך״ (אנכי עפר ואפר), נאָר ער זאָל זאָגען „בשבילי נברא העולם״ — איך בין טאַקע דער ריכטיגער מענטש אויפ׳ן ריכטיגען פלאַץ, איך קען העלפען און וועל העלפען.

(רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ״ל)

## דער גרעסטער עניו

די תורה דערציילט: והאיש משה עניו מאוד מכל האדם אשר על פני האדמה (בהעלותך). דאָס הייסט אַז משה רבינו איז געווען באַשיידענער פון אַלע מענטשען, וועלכע גייען אַרום מיט געבויגענע, אַראָפּגעלאָזטע קעפּ צו דער ערד...

(רבי ר׳ מאיר יחיאל אָסטראָווצער זצ״ל)

## אינערליכע באַשײדנקייט

דער אמת׳ער עניו איז דער, וואָס ביי זיך אין האַרצען האָט ער נישט קיין פאַרדראָס ווען אפילו די וועלט האַלט אים פאַר אַ בעל גאוה...

(רבי ר׳ אברהמל׳ע סלאָנימער זצ״ל)

## עניוות — די שענסטע מידה

משה רבינו האָט פאַרקערפּערט אין זיך אַלע מעלות און מידות טובות וואָס אַ מענטשען-קינד איז אימשטאַנד צו באַזיצען. און וויבאַלד די תורה הקדושה האָט אויסגעקליבען אים צו לויבען און באַצייכענען בלויז מיט דער איינציגער מידה פון באַשיידענקייט, איז דאָס דער בעסטער באַוויז אַז עניוות איז די גרעסטע און נאָבעלסטע מידה.

(רבי ר׳ חיים מאיר יחיאל מאָגילניצער זצ״ל)

## וויאַזוי קען אַ קרויז מחומר זיך האַלטען שטאָלץ?

דער רבי ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ״ל האָט געזאָגט: ווען אין דער תורה הקדושה וואָלט נישט בפירוש געוואָרענט געוואָרען וועגען דער עקעלהאַפטער מידה פון גאוה, וואָלט איך זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלען אַז עס איז איבערהויפּט פאַראַן אַזאַ מיאוסע מידה אויף דער וועלט, ווייל וויאַזוי קען זיך אַ שטערבליכער מענטש גרויס האַלטען, אין דער צייט ווען זיין גאַנץ לעבען איז אַ קייט פון ליידען, אומגליקען און קאַפּריזען, און ער איז קיין איין מינוט נישט זיכער מיט זיין בידנע שטיקעל לעבען?

(רבי ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ״ל)

# גרויס און קליין

## אַ דור יתום

דעם מאמר: „חבל על דאבדין ולא משתכחין" (סנהדרין קי"א) האָט דער רבי ר' נפתלי ראָפּשיצער זצ"ל אויסגעטייטשט אויף דעם פאָלגענדען אופן:

חבל, ווײ, ווײ, „על" דאבדין די העכערע, די בעסערע מענטשען די בני עליה גייען פארלוירען; — „ולא" משתכחין, די נישטיגע, געמיינע ברואים, זיי געפינען זיך און זיינען אומעטום אויבענאָן...

(רבי ר' נפתלי ראָפּשיצער זצ"ל)

## דער סימן פון קליינקייט

דער וואָס באַשמוצט יענעמס גרויסקייט, דערפון זעט מען ערשט ווי קליין ער איז...

(בשם חסיד אחד)

## נענטער צום הימעל

וואָס מער אַ איד בייגט זיך צו דער ערד, אַלץ נענטער ווערט ער צום הימעל...

(בשם צדיק אחד)

## חסידות און מוסר

דער אונטערשייד צווישען חסידות און מוסר איז: חסידות לערנט אַז די נשמה איז גרויס; מוסר לערנט אַז דער גוף איז קליין...

(אין נאָמען פון ליובאַוויטשער רבי"ן זצ"ל)

## כביכול'ס וואוינונג

אין קאָצק איז געווען פאַרשפּרייט צווישען חסידים דאָס פאָלגענדע ניגונ'דל וועגען דעם ווי דער מענטש דאַרף זיך האַלטען קליין:

וואו וואוינט דער אויבערשטער?
דאָרט וואו מען לאָזט אים אַריין!
וואו לאָזט מען אים אַריין?
אין אַ דירה וואָס איז ריין!
וועלכע דירה איז ריין?
אַ מענטש וואָס האַלט זיך קליין!...

## דער זאָגער איז אויך משוגע

דער וואָס זאָגט אַז „די וועלט איז משוגע״ און ער איז דורכדעם אַלץ מבטל, דער זאָל נישט פאַרגעסען אַז אויך ער אַליין איז נישט ווייניג משוגע, און אַז די וועלט איז אים מבטל...

(בשם חסיד אחד)

## קליין און דאָך גרויס

די גמרא זאָגט „ראיתי בני עליה והמה מועטים״ (סוכה מ״ה) — האָט דערויף געזאָגט דער רבי ר׳ יחיאל מאיר פון אָסטראָווצע זצ״ל: איך האָב איינגעזען און זיך איבערצייגט פאַרוואָס זיי זיינען „בני עליה״, דאָס איז דערפאַר ווייל „והמה מועטים״ — מחמת זיי זיינען ביי זיך קליין און נידעריג...

(רבי ר׳ יחיאל מאיר פון אָסטראָווצע זצ״ל)

## „יענעם״ קליין מאַכען...

צוויי עופות האָבען זיך געשפּילט אין הויף. איין עוף איז געווען קליין און דאָס אַנדערע גרויס. האָט דאָס קליינע עוף געגראָבען אַ גרובעל אויף דעם פּלאַץ וואו דאָס גרויסע עוף איז געשטאַנען, כדי דאָס גרויסע עוף זאָל פאַלען אַביסעל נידעריגער און זיך אויסגלייכען מיט אים.

איז דאָך די פראַגע: דאָס קליינע עוף האָט דאָך געקענט שטעלען זיך אַביסעל העכער כדי זיך אויסצוגלייכען?

נאָר דער תירוץ איז: דער מענטש וויל נישט אַזוי ווייט גרויס ווערען, ווי ער וויל „יענעם״ קליין מאַכען...

(בשם צדיק אחד)

# רעדן און שווייגען

## אַ וואָרט האָט אויך אַ נשמה

אין יעדען וואָרט וואָס דער מענטש לאָזט אַרויס פון מויל איז פאַראַן אַ נשמה בזעיר אנפין, און ווען דער מענטש זאָגט אַ דבר שקר ווערט זיין נשמה אָנגעגריפען און הרג'עט זי...

(רבי ר' פנחס'ל קאָריצעל זצ"ל)

## די קונסט פון שווייגען

חסידות לערנט אַז דער מענטש דאַרף באַזיצען אַ שטאַרקע באַהערשונגס־קראַפט און ווען אפילו ער האָט עפּעס צו זאָגען אַ גוט וואָרט אָדער אַ געדאַנק, דאַרף ער זיך טיילמאָל גובר זיין און שווייגען. ווערט דערציילט אַז חסידים האָבען אַמאָל באַגלייט דעם גערער רבי'ן זצ"ל צו דער באַן, ביים געזעגענען זיך האָט אַ מקורב אים געפרעגט: „נו, לעצט געלט"? (געמיינט צו הערען פון רבי'ן אַ שטיקעל תורה, אַ חסידישען געדאַנק וכדומה). האָט דער רבי געענטפערט: זעסט, דאָס וואָס די באַן קען שלעפּען אַזאַ שווערע משא איז עס דערפאַר, ווייל זי האָט די פּאַרע אין זיך...

(דער גערער רבי זצ"ל)

## דער כח פון שווייגען

דער רבי ר' משה לייב סאַסאָווער זצ"ל האָט געזאָגט: ווען אַ מענטש הערט ווי מען באַליידיגט אים און ער שוויגט, איז דאָס בעסער און וויכטיגער ווי ער וואָלט זיך אָנגעטאָן יסורים און געפאַסט טויזענט תעניתים.

(רבי ר' משה לייב סאַסאָווער זצ"ל)

## אַז מען היט זיך דאָס מויל

דער רבי ר' ישראל'טשע וויזשניצער זצ"ל האָט געטייטשט: „המהולל בפה עמו" — אַז אַ מענטש איז פאָרזיכטיג און באַשיינט זיין מויל דערמיט וואָס ער רעדט נישט קיין דברים בטלים, רעדט נישט קיין שלעכטס אויף יענעם און מישט זיך נישט אין יענעמ'ס אינטערעסען, אַזעלכער איז „משובח ומפואר" — ווערט פון יעדען באַוואונדערט און געלויבט...

(רבי ר' ישראל'טשע וויזשניצער זצ"ל)

## די שפּראַך פון דער פידעל

דער רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל פלעגט זאָגען דאָס פאָלגענדע טיף פּאָעטישע וואָרט וועגען זיין זיידען: „מיין זיידע, דער בעל שם טוב זצ״ל פלעגט הערן דיבורים פון אַ פידעל...

(רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל)

## אַ טעלעגראַף

דער רבי ר׳ אשר׳ל סטאָלינער זצ״ל האָט געזאָגט: יעדער איד האָט אין זיין מויל אַ טעלעגראַף וואָס קען דערגרייכען די עולמות עליונים.

(רבי ר׳ אשר סטאָלינער זצ״ל)

## הערען און רעדען

דער מענטש איז באַשאַפען געוואָרען מיט צוויי אויערן און איין מויל. דאָס איז אַ לעקציע פאַר דעם מענטש, אַז הערן זאָל ער וואָס מער, און רעדען וואָס ווינציגער...

(רבי ר׳ יודא צבי ראָזלער זצ״ל)

## הערן, שווייגען און אַריבערטראָגען

דער רבי ר׳ בונם פון פשיסכע זצ״ל האָט געטייטשט: עס שטייט אין דער תורה „ומשמע ודומה ומשא״ (חיי שרה כ״ה, יד) — קען מען דערין געפינען אַ רמז, אַז אַ מענטש דאַרף אַלץ אויסהערן, פאַרשווייגען און אַריבערטראָגען די ליידען, קשיות און באַליידיגונגען...

(רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ״ל)

## צ י מ צ ו ם

אויב דאָס וואָס דו האָסט אַרויסגעזאָגט אין צוואַנציג ווערטער קען אַרויסגעזאָגט ווערען אין צוויי ווערטער, זאָלסטו אַלעס אָנווענדען און זאָגען אין צוויי ווערטער...

(בשם צדיק אחד)

## מויל און האַרץ

פון דעם מענטשליכען מויל ביז דעם מענטשליכען האַרץ: פון דעם זאָגען ביז דעם טראַכטען — איז אָפטמאָל אַזוי ווייט ווי פון הימעל ביז צו דער ערד...

(רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל)

## שיחות חולין

דער גערער רבי ר׳ אברהם מרדכי אַלטער זצ״ל פלעגט טייטשען: „שיחת חולין של תלמידי חכמים צריכה תלמוד״ (סוכה כא), דער תלמיד חכם און איידעלער מענטש דאַרף זיך לערנען ווי אַזוי צו רעדען די שיחות חולין...

(גערער רבי ר׳ אברהם מרדכי אלטער זצ״ל)

## רעדען און שווייגען

איך רעד, נישט ווייל איך האָב כח צו רעדען, נאָר ווייל איך האָב שוין נישט קיין כח צו שווייגען...

(בשם צדיק אחד)

## טראַכטען און רעדען

אַז דו רעדסט עפּעס, זאָלסטו רעדען נאַטירליך ווי אַ פשוט׳ער מענטש, אָבער טראַכטען זאָלסטו ווי אַ חכם...

(בשם צדיק אחד)

## גאָרנישט אָדער בקיצור

דער רבי ר׳ ישראל׳טשע וויזשניצער זצ״ל האָט געטייטשט דעם חרוז וואָס מיר זאָגען אין זמירות של שבת: „עזור לשובתים בשביעי בחריש ובקציר עולמים״ אויפ׳ן פאָלגענדען אופן: „עזור לשובתים בשביעי בחריש״ — העלף, רבונו של עולם, פאַר די וועלכע רוען אים שבת מיט שווייגען, נישט צו רעדען קיין אומנויטיגע רייד. — „ובקציר״, אָבער מקצר צו זיין אין דיבור און נישט רעדען קיין אומנוצלאַכע און איבעריגע רייד דאַרף מען נזהר זיין „עולמים״ שטענדיג, מען דאַרף אייביג האַלטען דאָס מויל פאַרמאַכט און נישט רעדען וואָס מען דאַרף נישט...

(רבי ר׳ ישראל׳טשע וויזשניצער זצ״ל)

## אויער, האַרץ, מויל

די אידען האָבען געלערנט אויפ׳ן באַרג סיני זיי זאָלען נזהר זיין אין דער באַדייטונג פון די ראשי תיבות פון דעם אות אל״ף — אוזן, לב, פה — דאָס אויער זאָל נישט הערען קיין פאַרבאָטענע זאַכען; דאָס האַרץ זאָל נישט טראַכטען קיין אומווירדיגע געדאַנקען; און דאָס מויל זאָל נישט רעדען דאָס וואָס מען דאַרף נישט...

(רבי ר׳ אשר׳ל ראָפּשיצער זצ״ל)

## די גרויסקייט פון וואָרט

די חז״ל זאָגען: „רב לא שח שיחת חולין מימיו״ (יומא י״ח) — רב האָט קיינמאָל נישט גערעדט קיין שיחת חולין. האָט דערויף געזאָגט דער רבי ר׳ ישראל׳טשע ריזשינער זצ״ל: ווען „רב״ רעדט, ווען אַ העכערער מענטש זאָגט עפּעס, מעג עס אפילו זיין אַ וואָכעדיג ווערטל, קען ער דערמיט אויך מייחד זיין יחודים, און פאַרשטעלטערהייט איז ער ביכולת צו דערציילען די גרויסקייט פון בורא עולם...

(רבי ר׳ ישראל׳טשע ריזשינער זצ״ל)

## אַליך צו פאַרשוויינען

עס שטייט אין דער משנה „סייג לחכמה שתיקה״ (אבות פ״ג) — און וועלכעס איז די חכמה אַליין?

די גרעסטע חכמה איז, אַליך מקבל צו זיין באהבה און צו פאַרשווייגען אַזעלכעס וואָס עס ווילט זיך נישט...

(רבי ר׳ ישראל׳טשע הושיאַטינער זצ״ל)

## די פאַרשוויגענע ווערטער

די חז״ל זאָגען „מלה בסלע משתוקא בתרין״ (מגילה י״ח). — דער געדאַנק דערפון איז: דאָס וואָרט וואָס מען זאָגט אַרויס האָט אַ ווערט אַ גולדען נאָר דעמאָלט ווען דער זאָגער האַלט איין איבעריגע צוויי ווערטער, וואָס עס ווילט זיך אים זאָגען און ער זאָגט זיי נישט אַרויס...

(רבי ר׳ ישראל׳טשע ריזשינער זצ״ל)

## צופיל „חכם״ טויג נישט

דער וואָס האַלט זיך פאַר צופיל חכם, קען ער באַטראַכט ווערען אַלס בעל מום, ער ווערט אַמאָל אַריינגערעכענט צווישען די בעלי מומים. עס שטייט: „אלם או חרש או פקח״ (שמות ד׳, יא) — צופיל פּיקחות קען אַמאָל אויך זיין אַ פעלער...

(רבי ר׳ קלמיש ניישטעטער זצ״ל)

## דאָס העכסטע געשריי

שווייגען איז דאָס העכסטע געשריי פון דער וועלט... מיט שווייגען ווען מען דאַרף קען מען אַמאָל מער מרעיש עולם זיין ווי מיט׳ן מאַכען דעם גרעסטען טומל...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## פון וואס מען ווערט נישט מיד

א פארצייטישער צדיק וועלכער איז געווען א גרויסער שותק האט געזאגט: פון שווייגען ווערט מען נישט מיד...

(בשם צדיק אחד)

## א מתנה פון באשעפער

דאס מויל פון מענטש איז באשאפען געווארען כדי צו לערנען תורה און צו לויבען דעם באשעפער און צו דאווענען פאר השם יתברך. דאס וואס דער מענטש באנוצט אמאל דאס מויל אויף צו וואכעדיגע ענינים, דאס איז אים געגעבען געווארען פון בורא עולם אלס מתנה...

(רבי ר׳ משה פשעווארסקער זצ״ל)

## איבעריגע ווערטער

דער וואס רעדט ווערטער וועלכע זיינען איבעריג און מען מוז זיי נישט זאגען, איז ער עובר אויף „לא תרצח" בזעיר אנפין...

(רבי ר׳ מענדעלע רימאנאווער זצ״ל)

## נישט רעדן ביים דאווענען

„ה׳ ילחם לכם ואתם תחרישון" — דער רבונו של עולם וועט אייך שיצען געגען אלע שונאים און צוררים, נאר מיט׳ן תנאי אז איר זאלט שווייגען און נישט רעדען אין שול קיין דברים בטלים...

(רבי ר׳ ייב״י פון אוסטרא זצ״ל))

# לשון הרע און רכילות

## ווער עס זעט נישט קיין שלעכטס ביים אַנדערן

דער רבי ר׳ פנחס׳ל קאָריצער זצ״ל פלעגט זאָגען: אַן אמת׳ער צדיק וואָס האָט נישט אין זיך קיין שמץ שלעכטס, דער זעט נישט ביים אַנדערען קיין שום שלעכטס...

(רבי ר׳ פנחס׳ל קאָריצער)

## נישט מער ווי אַ בעזים

וועגען די מוסר־זאָגער וואָס אַליין זיינען זיי וויט פון דעם וואָס זיי פּרעדיגען פאַר יענעם, האָט דער שם טוב הקדוש זצ״ל געזאָגט: אַ בעזים קען דעם גאַנצען הויף ריין מאַכען, ער אַליין בלייבט אָבער אומריין...

(בעל שם טוב הקדוש זצ״ל)

## „יענער״ איז דער שולדיגער

עס שטייט „אלקים יבקש את הנרדף״ (קהלת ג, ט״ו) — היתכן, דער אויבערשטער דאַרף אים ערשט זוכען? — האָט דער רבי ר׳ אברהמ׳לע סאָכאַטשאָווער געפרעגט. און ער האָט עס מסביר געווען אַזוי:

יעדער איינער האָט ליב צו מאַכען „יענעם״, דעם אַנדערען פאַר־אַנטוואָרטליך פאַר די שלעכטע מעשים, ער טענה׳ט שטענדיג אַז דער אַנדערער איז דער שולדיגער און ער איז גאָר דער באַעוולה׳טער, דער נרדף. יעדער אוממענטש און רשע שפּילט די ראָל פון אַ „קאָזאַק הנגזל״...

(רבי ר׳ אברהמ׳לע סאָכאַטשאָווער זצ״ל)

## אַ דריי מיט דער נאָז

פאַראַן שלעכטע מענטשען וואָס וועלען דירעקט קיינמאָל נישט אויס־רעדען עפּעס אַ שלעכט וואָרט אויף אַנדערע, אָבער זיי וועלן דאָס טאָן אויף אַ נישט קענטיגען אופן. וועגען אַזעלכע לייט האָט זיך אויסגעדריקט דער רבי ר׳ נפתלי ראָפּשיצער זצ״ל בדרך הלצה: „כי באפם — הרגו איש״ (ויחי מ״ט, ו׳) — מיט אַ קרום מיט דער נאָז, הרג׳ענען זיי אָוועק אַ מענטש...

(רבי ר׳ נפתלי ראָפּשיצער זצ״ל)

## ער ווערט נישט קלענער פון יענעמס קריטיק

דער רבי ר׳ אברהם חיים פון פלאָנטש זצ״ל פלעגט זיך נוהג זיין נישט צוריקצוענטפערן אויב מען האָט אים נאָכדערציילט אַז עמיצער

האָט זיך אויסגעדריקט מיט שלעכטע ווערטער וועגן אים. אויף דער פראַגע פון די מקורבים פאַרוואָס ער ענטפערט נישט צוריק, האָט ער געזאָגט: „עס איז זה נהנה וזה לא חסר" (בבא קמא דף כ') — יענעם טוט עס אַ הנאה און איך ווער דערפון נישט קלענער...
(דער פלאַנטשער רבי זצ"ל)

## די חוצפה פון לשון־הרע'ניק

דער רבי ר' ישראל טשאָרטקאָווער זצ"ל האָט געזאָגט: איך קען נישט פאַרשטיין די חוצפה פון איינעם וואָס רעדט אויף יענעם היגטער די אויגען און ער ווייזט זיך פאַר אים ווי אַ פריינד אין די אויגען...
(רבי ר' ישראל טשאָרטקאָווער זצ"ל)

## אויפהייבען און דערנידעריגען

עס איז אַ לייכטע זאַך צו זיין אַ „מתכבד בקלון חבירו", ווייל עס ליגט אין דער טבע פון מענטש צו דערנידעריגען איינער דעם אַנדערען, ווייל אויפהייבען (אַ משא) איז שווער, און אַראָפוואַרפען איז זייער גרינג...
(בשם צדיק אחד)

## דער וואָס זעט נאָר דאָס שלעכטע

די חז"ל זאָגען "כל האומר דוד חטא אינו אלא טועה" (שבת דף נ"ה) — האָט דער רבי ר' מאיר'ל פּרעמישלאַנער זצ"ל געטייטשט: דוד המלך האָט געהאַט אומצאָליגע מעלות און נשמה גרויסקייט. ער איז געווען דער נעים זמירות ישראל, געהאַט מסירת נפש פאַר'ן כלל ישראל, וכדומה. און קומט איינער צו גיין און פאַרשווייגט דאָס אַלץ און רעדט נאָר וועגען דעם חטא וואָס דוד איז באַגאַנגען. „כל האומר" — דאָס איינציגע וואָס ער ווייסט צו זאָגען איז נאָר אַז „דוד חטא" — אַזאַ איינער איז אַ טועה ומטעה את הרבים...
(רבי ר' מאיר'ל פּרעמישלאַנער זצ"ל)

## נישט קיין חטאים זוכער

די חז"ל זאָגען: מימי לא נסתכלתי בדמות אדם רשע (מגילה כ"ז) — האָט דער רבי ר' אורי'לע סטרעליסקער אַזוי געטייטשט: איך האָב קיינמאָל נישט נאָכגעקוקט, נישט געזוכט, נישט געוואָלט געפינען קיין חטאים און רשעות ביי קיין שום מענטש...
(רבי ר' אורי סטרעליסקער זצ"ל)

## גרינג און שווער

באַליידיגען יענעם איז זייער גרינג, אָבער איבערבעטען איז זייער שווער...

(בשם חסיד אחד)

## אַ באַליידיגער ווערט אַליין באַליידיגט

דער קאָזשעניצער מגיד זצ״ל האָט געזאָגט: דער וואָס וואַרפט אַרויס מיסט אויף דער גאַס, וועלען אַלע תחבולות אין דער וועלט נישט העלפען, אַז עפּעס פון דעם מיסט זאָל זיך צו אים נישט צוקלעפּען...

(דער קאָזשעניצער מגיד זצ״ל)

## דער כח פון לשון הרע

אין דער חסידישער וועלט איז באַקאַנט די מחלוקה וואָס עס האָט געפירט דער „שפּאָלער זיידע״ קעגען רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל. די אורזאַך פון אָט דער מחלוקת איז הויפּטזעכליך געקומען דערפון וואָס איינער פון די מקורבים פון שפּאָלער זיידען, אַן אַלטער חסיד, וועלכער איז געווען אָנגענומען פאַר אַ צוריקגעצויגענעם מענטש און וועלכער איז געווען אַ שווייגער אין משך פון דרייסיג יאָר האָט אָנגעטראָגען רכילות און לשון הרע אויף ר׳ נחמן בראַסלאַווער.

ווען דער רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער געזאָגט: ליבע ברידער, זעט דעם כוח פון דעם בעל דבר, דעם יצר הרע פון מחלוקת ווי גרויס ער איז. אין משך דעם גרעסטען טייל פון זיין לעבען, אַרום דרייסיג יאָהר, האָט דער יצר הרע אים געמאַכט אַ גוטען נאָמען אַלס אַ שותק און אָפּגעהיטענעם איד, אַלץ כדי זיין לשון הרע זאָל אָנגענומען ווערען און מען זאָל זיך באַציען מיט ערנסטקייט צו זיינע רכילות׳ן...

(רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל)

## השם יתברך׳ס תפילין

דער רבי ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ״ל, ווען ער האָט געהערט אַז איין איד רעדט לשון הרע אויפ׳ן אַנדערן, האָט ער אים געזאָגט: האַרציגער ברודער, ווי אַזוי האָסטו נישט קיין פחד צו באַשמוצען דעם אויבערשטענ׳ס תפילין, אין וועלכע עס שטייט דאָך בפירוש געשריבען: „ומי כעמך ישראל״...

(רבי ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ״ל)

# לעבען און טויט

## די נשמה יתירה

חסידים פאַרברענגען צוזאַמען ביי שלוש־סעודות זאָגענדיג תורה און זינגענדיג זמירות. האָט אַ מקורב אַמאָל געפרעגט דעם בעל שם טוב הקדוש זצ״ל פאַרוואָס ער פאַרברענגט צוזאַמען מיט די חסידים ביי שלש סעודות מער ווי ביי אַנדערע סעודות, האָט ער געענטפערט: „שבת האָט יעדער איד אַ נשמה יתירה. מוצאי שבת גייט די נשמה יתירה אַוועק. וויל איך אַז מיין נשמה זאָל מיר אויסגיין צווישען אידען״...

(בעל שם טוב הקדוש זצ״ל)

## בענקט נאָכ׳ן טויט

דער רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל האָט אַמאָל געזאָגט: „איך האָב דערגרייכט אַ הויכע מדריגה, אָבער איך קען נישט בלייבען שטיין אויף איין פלאַץ. איך מוז שטייגען העכער און העכער. דערפאַר בענק איך שוין נאָכ׳ן טויט.

(רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל)

## דאָס לעבען

אַ קורצער געדאַנק פון אַ פאַרצייטישען צדיק, רבי יחזקאל קוזמירער זצ״ל, דריקט אויס אַ שטיק לעבענס פילאָזאָפיע. ער האָט געזאָגט: דאָס לעבען איז ווי אַריבערגיין אַ געפרוירענעם טייך. שטיין צו לאַנג אויף אַן אָרט טאָר מען נישט. דאָס אייז קען זיך נאָך איינברעכען. טאַנצען אוודאי נישט. מען דאַרף נאָר שנעל אַריבערלויפען...

(רבי ר׳ יחזקאל קוזמירער זצ״ל)

## מעשיות וואָס וועקען אויף

דער רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל, וועלכער איז געווען אַ גרויסער בעל סיפור פון מעשיות אין וועלכע עס זיינען געווען פאַרבאָרגען טיפע סודות התורה, האָט אַמאָל אין אַ שמועס מיט זיין תלמיד געזאָגט: די וועלט זאָגט אַז מעשיות זיינען גוט איינצושלעפערן. און איך זאָג אַז מיט מעשיות וועקט מען אויף מענטשען פון שלאָף...

(רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל)

## דאָס לעבען איז ווי אַ שאַך־שפּיל

ווען שאַך־שפּיל איז געוואָרען פּאָפּולער אויך אין חסידישע קרייזען, האָט איינער פון די פאַרצייטישע צדיקים זיך אויסגעדריקט: פאַר אַ שפּיל איז עס צו ערנסט, און פאַר ערנסט איז עס צופיל שפּיל.

(בשם צדיק אחד)

## אַריבערגעשפּרונגען

אין די כתבים וועגען רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל ווערט דער־ציילט אַז ער האָט נאָכגעזאָגט וועגען אַ צדיק וואָס האָט זיך אויסגעדריקט מיט אַ קורצען תמצית׳דיגען זאָג איידער זיין נשמה האָט זיך אָפּגעשיידט פון גוף. „אַ וואָרט — אַ גאַנצע וועלט: נו, אַריבערגעשפּרונגען...

(רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל)

## דער ריכטיגער לעבענס־וועג

דער רבי ר׳ משה לייב סאַסאָווער זצ״ל האָט געזאָגט: דאָס לעבען פון דעם מענטש איז געגליכען צו דער שאַרף פון אַ מעסער. פון רעכטס און פון לינקס איז דער שאול תחתית, דער אָפּגרונד ר״ל, אינמיטען אָבער איז דער אמת׳ער דרך החיים — עץ החיים בתוך הגן...

(רבי ר׳ משה לייב סאַסאָווער זצ״ל)

## וויאַזוי צו שטאַרבען

דער רבי ר׳ בונם פון פּשיסכע זצ״ל פלעגט זאָגען: מיין גאַנץ לעבען איז פאַר מיר אַ שולע אין וועלכער איך לערן זיך וויאַזוי צו שטאַרבען...

(רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ״ל)

## מען דאַרף נישט פאַרקירצען די יאָרען

די יאָרען פון דעם מענטש זיינען קורץ און מיט דער שלעכטער אויפפירונג ווערען זיי נאָך מער פאַרקירצט...

(בשם חסיד אחד)

## פּ ט י ר ה

ווען מען האָט געפרעגט דעם רבי׳ן ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל ביי זיין הסתלקות, וואָס ער פילט, האָט ער געענטפערט: איך גיי בלויז איבער פון איין חדר אין אַנדערן...

(רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל)

## לעבען און אַרבעט

זאָלסט טאָן דיין אַרבעט בזריזות און פלינקייט, ווי דאָס וואָלט געווען דער לעצטער טאָג פון דיין לעבען און דו מוזט עס פאַרענדיגען און הייב אָן דיינע אונטערנעמונגען און גייסטיגע פּלענער אַזוי ווי דו וואָלסט געווען זיכער ביי זיך אַז דו וועסט לעבען נאָך הונדערט יאָהר...

(רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער זצ״ל)

## קיין שרעק פאַר׳ן טויט

פאַר דער הסתלקות פון בעל שם טוב הקדוש האָט ער געזאָגט צו זיינע תלמידים: איך האָב נישט קיין מורא פאַר׳ן טויט. איך בין זיכער אַז איך גיי דורך איין טיר אַרויס און באַלד וועל איך אַריינגיין דורך אַן אַנדערע טיר, פון איין חדר אַרויס און אין אַנדערן אַריין...

(דער בעל שם טוב הקדוש זצ״ל)

## אַ טויט אין מיניאַטור

דער וואָס פאַרשווענדט די צייט מיט גאָרנישט און איז מבטל פון תורה און מעשים טובים, דער הייסט געשטאָרבען „בזעיר אנפין"...

(בשם חסיד אחד)

## דער לעצטער סך הכל

אַ פאַרצייטישער חסיד האָט ביים ענדע יאָר געמאַכט זיינע גע־שעפטליכע חשבונות: ביי דער לעצטער שורה האָט ער פאַרצייכענט: דער סך הכל איז אַז „אין עוד מלבדו"...

(בשם חסיד אחד)

# שמחה און עצבות

## בטחון

אַז מען וויל עמיצען שטראָפען פון הימעל, נעמט מען פון אים אַוועק די מידה פון בטחון. אַזוי אַז ער זאָל אויפהערן צו האָפען און דער מענטש דרייט זיך תמיד אַרום אַ פאַרצווייפעלטער און פאַרביטערטער.

(רבי ר׳ יעקב יוסף, דער מגיד פון פולנאה זצ״ל)

## אמת׳ע שמחה

דער רבי ר׳ פינחס׳ל קאָריצער זצ״ל פלעגט זאָגען: אַלע פאַרגעניגענס און תענוגים שטאַמען פון גן־עדן. אפילו אויך אַ גלייכווערטל, אויב עס איז נאָר געזאָגט מיט אמת׳ע האַרציגע שמחה.

(רבי ר׳ פינחס׳ל קאָריצער זצ״ל)

## חסידים פאַרזינגען די צרות

וועגען רבי׳ן ר׳ מאיר׳ל פּרעמישלאַנער זצ״ל ווערט נאָכגעזאָגט אַז ער האָט תמיד געפּרעדיגט מען זאָל זיין אויפגעהייטערט, אפילו דעמאָלט ווען עס פּאַסירט אַזעלכעס צוליב וואָס מען קען זיין פאַרזאָרגט. און ער האָט געטייטשט: יעלזו חסידים בכבוד ירננו על משכבותם״ (תהלים קמ״ח) — חסידים זיינען פריילין און זינגען אפילו דעמאָלט ווען זיי זיינען אַביסעל „צוגעלייגט״...

(רבי ר׳ מאיר׳ל פּרעמישלאַנער זצ״ל)

## עצבות איז אומפּרוכטבאַר

רעדענדיג וועגען דער שלעכטער מדה פון עצבות און מרה שחורה, האָט דער רבי ר׳ לייב קאָפּוסטער זצ״ל געזאָגט: טרויערן איז געגליכען צו פוילעניש. פאַראַן צוויי מינים פוילען: א) אַ קערנדל פוילט אין זאַמד און עס ווערט פאַרפוילט; ב) אַן אַנדער קערנדל ווידער, פוילט אין דער ערד און עס וואַקסט פון דעם אַרויס אַ בוים...

(רבי ר׳ לייב קאָפּוסטער זצ״ל)

## פרייליכקייט אין עצבות

דער רבי ר׳ בונם פון פּשיסכע זצ״ל האָט געזאָגט: אַ מענטש דאַרף זיך באַמיען צו זיין תמיד לוסטיג און פריילין. אפילו דעמאָלט ווען די

פריילעכקייט איז אַ געמאַכטע און געפעלשטע, איז עס אַלץ בעסער ווי אַריינפאַלען אין עצבות. ווייל מרה שחורה און טרויער איז דאָך אַ זיכערער שקר.

(רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ״ל)

## חסידישער טאַנץ

דער רבי ר׳ יהושע׳לע דזשיקאָווער זצ״ל האָט געזאָגט: דאָס וואָס חסידים טאַנצען איז עס כדי זיך אויפצוהייבען פון דער ערד (פון גשמיות)...

(רבי ר׳ יהושע׳לע דזשיקאָווער זצ״ל)

## דער כח פון שמחה

דער רבי ר׳ ישראל׳טשע ריזשינער זצ״ל האָט געזאָגט: איך האָב מורא אַז די פושעי ישראל וועלען נאָך האָבען עולם הבא, ווייל זיי זיינען תמיד מיט שמחה...

(רבי ר׳ ישראל׳טשע ריזשינער זצ״ל)

## נאָר מיט שמחה

דער דרך פון רבי ר׳ מענדעלע פון וואורקע זצ״ל איז געווען, אַז דער מענטש דאַרף תמיד זיין בשמחה, און נאָר אויף דעם אופן קען מען דינען דעם באַשעפער ווי עס באַדאַרף צו זיין. דאָס האָט ער תמיד איינגע׳טענה׳ט מיט זיינע חסידים, און ער פלעגט מיט זיי זינגען:

כביכול מוז מען דינען,<br>
און מען וועט אים דינען,<br>
נאָר מיט שמחה און נחת; —<br>
הגואל ממות ופודה משחת!

דערויף האָבען די חסידים צוריקגעענטפערט מיט אַ חסידישען ניגון:

מען מוז אים דינען,<br>
מען וועט אים דינען,<br>
אָבער נישט ווי אַ גולם, —<br>
הדן יחידי לבאי עולם!

(רבי ר׳ מענדעלע וואורקער זצ״ל)

## דער כוח פון געזאַנג

אין מינוטען פון השפכות הנפש און הייליגען עקסטאַז האָט דער רבי ר׳ פינחס׳ל קאָריצער זצ״ל זיך אויסגעדריט: רבונו של עולם, ווען

איך וואָלט געקענט זינגען, וואָלט איך דיך נישט געלאָזט וואוינען אין די עליונים, נאָר איך וואָלט אַזוי שטאַרק געווירקט מיט מיין געזאַנג ביז דו וואָלסט געמוזט אַרונטערקומען און וואוינען מיט אונז...

(רבי ר׳ פנחס׳ל קאָריצער זצ״ל)

## טויערן און מויערן

צווישען חסידים ביי ווען די מידה פון שמחה שפּילט אַ גרויסע ראָלע איז אַרומגעגאַנגען דאָס ווערטל: אויב מיט געוויין קען מען עפענען טויערן, קען מען מיט שמחה ברעכן מויערן...

(בשם חסיד אחד)

## די שמחה פון ג־ט זוכעניש

עס שטייט „ישמח לב מבקשי השם״ (תהלים ק״ד) — דאָס עצם זוכען און פאַרטיפען זיך אין דער געטליכקייט, גיסט אַריין אין מענטשליכען האַרץ אַ סך פרייד.

(רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ״ל)

## דער טיפער זין חסידישען טאַנץ

דער בעל שם טוב הקדוש זצ״ל האָט אַמאָל מסביר געווען פאַרוואָס דער חסידישער טאַנץ ווערט געמאַכט אין קאַראַהאָד און חסידים מיט׳ן רבי׳ן פלעכטען זיך צונויף אין אַ כלות־הנפש׳דיגען עיגול, אויף פאָלגענדען אינהאַלטסרייכען אופן:

ווען מען טאַנצט אין אַ ראָד איז נישט פאַראַן קיין פאָרענט און קיין הינטען; נישט קיין אָנהויב און נישט קיין סוף; יעדער טאַנצענדיגער איז אַ רינגעלע אין דער קייט פון איין סוף; אַלע זיינען גלייך באַ־טיילגט; נישט פאַראַן קיין מחיצות צווישען רבי׳ן און די חסידים, צווישען יונג און אַלט, צווישען תלמיד חכם און פשוט׳ען איד...

(בעל שם טוב הקדוש זצ״ל)

## דעם צדיק׳ס איינציגע דאגה

דער רבי ר׳ צבי הירש פון נאַדוואָרנע זצ״ל האָט אַמאָל געזאָגט: מען טאָר נישט זיין פאַר׳מרה־שחורה׳ט און פאַר׳דאגה׳ט. די איינציגע דאגה וואָס איך האָב איז פאַרוואָס איך גיי אַרום פאַר׳דאגה׳ט...

(רבי ר׳ צבי הירש פון נאַדוואָרנע זצ״ל)

## בעל שמחה

דער „חוזה" דער רבי פון לובלין רבי יעקב יצחק הורוויץ זצ"ל, האָט געזאָגט: פאַרוואָס ווערט דער מענטש וואָס מאַכט אַ שמחה אָנגערופען „בעל שמחה"? ווייל דער וואָס מאַכט אַ שמחה איז דער „בעל" — דער האַר פון דער שמחה. אַז ער איז אָנגעלאָדען מיט שמחה איז ער בכח משפיע צו זיין פון זיין איבערגעפולטער שמחה אויך אויף יעדען וואָס באַטייליגט זיך אין דער שמחה.

(דער „חוזה" פון לובלין זצ"ל)

## „אויפגערוימט"

אַלטע קאָצקער חסידים פלעגען זאָגען: פאַרוואָס זאָגט די וועלט אויף איינעם וואָס איז שטאַרק בשמחה, אַז ער איז „אויפגערוימט"? ווייל פונקט אַזוי ווי מען רייניגט אויס אַ שטוב, מען קערט אויס דאָס מיסט און מען שטעלט אַלץ אויף זיין פלאַץ, הייסט עס אַז מען האָט אויפ־גערוימט; אַזוי קען די אמת'ע שמחה זיין נאָר ווען דער מענטש האָט זיך פריער גוט אויסגערייניגט, אַרויסגעוואָרפען פון זיך דאָס אומריינע און נישטיגע. און דערפאַר איז „אויפרוימען" אַ הכנה צו שמחת יום טוב...

(אַ חסידיש וואָרט)

## פון וואָס מען קען זיך פרייען

דער רבי ר' בונם פון פשיסכע זצ"ל האָט געזאָגט: אויב עס איז מיט פאַראַן עפעס ספעציעלעס מיט וואָס איך קאָן מיך פרייען, גיי איך דעמאָלט פאַרביי אַ שפיטאָל און איך פרעג: איז בונם דאָרט? און אויב מען ענטפערט מיר אַז נישט הויב איך זיך אָן צו פרייען און דאַנקען דעם רבונו של עולם פאַר דעם...

(רבי ר' בונם פשיסכער זצ"ל)

## דער טאַנץ

רבי נתן, דער תלמיד פון רבי ר' נחמן בראַסלאַווער זצ"ל, האָט אין מינוטען פון התלהבות זיך אויסגעדריקט: איך האָב געטאַנצט מיט דער נשמה און מיין האַרץ האָט געטראָגען די פיס...

(רבי ר' נתן פון טשיהירין זצ"ל)

## דער כח פון נגינה

נגינה איז דער שליסעל מיט וועלכען מען קען עפענען די פאַרשלאָסענע טויערן; און דורך עצבות קען מען זיי פאַרשליסען...

(אַ חסידיש וואָרט)

## ער דרימעלט נישט

אין די חסידישע הויפען האָט מען אָפט געזונגען מיט אַ ספּעציעלער מעלאָדיע אַ חסידיש ניגונ׳דל מיט׳ן נאָמען „שומר ישראל״, וואָס ווערט צוגעשריבען צו ר׳ יאַנקעלע ראַדזימינער זצ״ל.

דאָס זמר׳ל הויבט זיך אָן:

מיר האָבען דאָך אַ טאַטען אין הימעל,
וואָס ער טוט קיינמאָל נישט קיין דרימעל.
וואָס ער וויל — טוט ער;
און וועמען ער וויל — גיט ער.
ווער קען אים זאָגען דעות?
צוקער־זיס איז זיין שלאָגען און פּיינען,
מיט שמחה, אידעלעך, מיט שמחה, לאָמיר אים דינען.
מיר האָבען דאָך אַ טאַטען אין הימעל,
וואָס ער טוט קיינמאָל נישט קיין דרימעל.

(רבי ר׳ יעקל׳ע ראַדזימינער זצ״ל)

## די רעדער פון דער נשמה

ווען דער רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל האָט זיך אַמאָל צוגעקוקט צו אַ שטאַרק התלהבות׳דיגען טאַנץ פון זיינע חסידים, האָט ער געזאָגט: לאָזט לויפען די רעדער פון אייער נשמה...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

# גוטסקייט און האַרציגקייט

## גוטהאַרציגקייט

דער רבי ר׳ חיים צאַנזער זצ״ל פלעגט אויסהאַלטען מיט כל טוב גאַנצע פאַמיליעס פון בכבוד׳יגע אָרימעלייט אין צאַנז.

איינמאָל מאַכט זיך אַ מעשה: אין אַ יריד־טאָג האָט אַן עופות הענדלער געבראַכט אַ וואונדער שיינעם אינדישען האָן. מען האָט באַלד געבראַכט דעם האָן צום רבי׳ן אין שטוב אַריין, אַז די רביצין זאָל אים קויפען לכבוד שבת. די רביצין האָט אָבער דעם האָן נישט געקויפט ווייל דער פרייז איז געוועז צו הויך פאַר איר. מיט אַ צייט שפּעטער האָט זיך די רביצין דערוואוס אַז איינער פון איר מאַנ׳ס נדבה־נעמער האָט געקויפט דעם האָן. איז די רביצין אַריין צום רבי׳ן מיט אַ טענה:

— היתכן — האָט זי געזאָגט — איך האָב נישט געקענט קויפען דאָס עוף ווייל עס איז געוועזן פאַר מיר צו טייער, און דיין צדקה־נעמער האָט עס יאָ געקויפט. פאַר אַזעלכע מענטשען גיסט דו צדקה?

— אַזוי — האָט דער צאַנזער רבי געענטפערט — דער איד דאַרף אויף שבת אַן אינדישען האָן? ביז איצט האָב איך עס נישט געוואוסט. אויב אַזוי וועל איך אים פון איצט אָן העכערן די חודש׳ליכע סומע וואָס ער באַקומט פון מיר.

(רבי ר׳ חיים צאַנזער זצ״ל)

## אַ גוט האַרץ איז דער עיקר

צום טריסקער מגיד איז אַמאָל געקומען אַן אָרימאַן, וועלכער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ חשוב׳ען מענטש. דער מגיד האָט אים זייער פיין אויפגענומען, מאכיל ומשקה געוועזן און אים צוגעטיילט גרויס כבוד. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער גאַסט איז גאָר אַ שווינדלער. דעם טריסקער מגיד׳ס שטוב מענטשען האָבען פון דער געשיכטע געהאַט גרויס שברי לב. האָט דער מגיד זיי באַרואיגט און געזאָגט:

בשעת השי״ת האָט געוואָלט דערקוויקען אברהם אבינו מיט דער מצוה פון הכנסת אורחים, האָט ער אים צוגעשיקט פאַלשע געסט, מלאכים, וועלכע דאַרפען איבערהויפּט נישט עסען. דערמיט האָט אונז די תורה געוואָלט אָנדייטען, אַז דער עיקר איז אַז אַ איד זאָל אַרויסווייזען זיין גוט האַרץ און גוטען ווילען. עס איז קיין אונטערשיד נישט, צי דער

ווען מען דאַרף העלפֿען פאַרדינט עס און בויטיגט זיך דעריין, אָדער נישט. וויבאַלד עמיצער שטרעקט אויס די האַנט — העלף!

(דער טריסקער מגיד זצ״ל)

## האַרציגקייט

דער ר׳ משה קאָברינער זצ״ל האָט געטייטשט דעם פסוק „היוצר יחד לבם״ (תהלים ל״ו) — „היוצר יחד״ דער באַשעפער פרייט זיך — „לבם״, ווען ער זעט אַז עס איז פאַראַן „האַרציגקייט״ צווישען אידען.

(רבי ר׳ משה קאָברינער זצ״ל)

## אַ הימעל׳דיג האַרץ

דער רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל האָט געהאַלטען אַז דער מענטש דאַרף כסדר שטרעבען צו דערהויבען זיינע אייגענשאַפטען און זיך תמיד אויסבעסערן שטייגענדיג וואָס העכער און העכער. ער האָט דעם דאָזיגען געדאַנק אַריינגעטייטשט אין די ווערטער: „עד לב השמים״ — ביז דאָס האַרץ זאָל ווערען הימעלדיג...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## די האַרץ־שריפט

דער רבי ר׳ מענדעלע רימאַנאָווער זצ״ל האָט אַמאָל געזאָגט אַז אַלע חסידים וועלכע קומען צו אים ער זאָל פאַר זיי מתפלל זיין פאַר השם יתברך, גייען פאַרביי זיין מחשבה בשעת ער דאַווענט שמונה עשרה.

ווען איינער פון די מקורבים האָט אים געפרעגט וויאַזוי עס איז מעגליך אַז אין אַזאַ קורצער צייט זאָלען אַזויפיל מענטשען דורכלויפען זיין מחשבה? האָט דער צדיק דערויף געענטפערט: די צייכענס און שפורען פון יעדען איינעמס ליידען זיינען אויסגעקריצט אויף מיין האַרץ און בשעת׳ן דאַווענען עפען איך מיין האַרץ און זאָג: רבונו של עולם, לייען וואָס עס שטייט דאָ געשריבען...

(רבי ר׳ מענדעלע רימאַנאָווער זצ״ל)

## מיט האַרץ

אין דער תורה שטייט „כזה יתנו״ (פרשת תרומה) — אַזוי זאָלען זיי געבען. כז״ה באַטרעפט 32, פונקט ווי דאָס וואָרט „לב״, וואָס באַטרעפט אויך 32. דאָס מיינט, אַז מען גיט צדקה, זאָל מען געבען מיט האַרץ...

(דער סאַדיגורער רבי זצ״ל)

## דאָס געטליכע געזאַנג אין מענטשליכען האַרץ

דער רבי ר׳ אלימלך פון ליזשענסק זצ״ל האָט געטייטשט. עס שטייט: „כי טוב — זמרה אלוקינו״ — דאָס הייסט, עס איז גוט ווען דער מענטש דערגרייכט אַזאַ מדריגה פון השתפכות הנפש, אַז די געטליכקייט זאָל זינגען אין אים...

(רבי ר׳ אלימלך פון ליזשענסק זצ״ל)

## אַן איבערגעפולט האַרץ

דעם זאָג „דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב״ האָט דער רבי ר׳ בונם פון פשיסכע זצ״ל אַזוי אויסגעטייטשט: ווען דאָס האַרץ איז איבערגעפולט, עס איז אָנגעלאָדען מיט רייד, אַז עס איבערגייט אַזש, דעמאָלט גיסען זיך די רייד איבער אין אַן אַנדער האַרץ...

(רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ״ל)

## האַרץ מיט האַרץ

עס זיינען פאַראַן „משכילים״ וועלכע האַלטען נישט פון קיין מצוות מעשיות און ווען מען רעדט מיט זיי וועגען אידישקייט ענטפערן זיי אַז דער עיקר איז דאָס גוטע האַרץ און ריינע כוונה והראי׳ די חז״ל זאָגען דאָך אויך אַז „רחמנא ליבא בעי״ (זוהר תרומה), פאַר השם יתברך איז גענוג בלויז דאָס האַרץ.

וועגען די סאָרט מענטשען פלעגט צו זאָגען דער רבי ר׳ יחזקאל׳ע קוזמירער זצ״ל אַז השם יתברך וועט זיי אָפּצאָלען מידה כנגד מידה, און דעם שכר זייערען וועלען זיי אויך באַקומען בלויז „בלב״ מיט האַרץ, מיט מחשבה אַליין, און נישט קיין ממשות׳דיגען לוין...

(רבי ר׳ יחזקאל קוזמירער זצ״ל)

## ווילען און טאָן

די וואָס ווילען טאָן גוטס — זיינען פאַראַן אַ סך. די וואָס טוען גוטס — זיינען ווינציג...

(בשם צדיק אחד)

## קיינער האַלט זיך נישט פאַר שלעכט

ווען דער שלעכטער מענטש וואָלט געוואוסט אַז ער איז שלעכט, וואָלט ער אַזוי שלעכט נישט געווען...

(בשם צדיק אחד)

## פיקוח נפש דוחה שבת

ווענען דעם רבי'ן ר' הערשעלע ליסקער זצ"ל ווערט דערציילט אַז ער פלעגט נישט אָננעמען קיין פדיון־געלטער פון מענטשען וועלכע זיינען מחלל שבת. אָן אויסנאָם האָט ער געמאַכט ווען עס איז גראָד געקומען צו אים אַן אָרימער איד וועלכער האָט נישט געהאַט שבת צו מאַכען. דערביי האָט ער אים אָוועקגעגעבען דעם פדיון און געזאָגט: פקוח נפש איז דוחה שבת...

(רבי ר' הערשעלע ליסקער זצ"ל)

## צוליב וואָס אַ נשמה קומט אַראָפּ אויף דער וועלט

דער בעל שם טוב הקדוש זצ"ל פלעגט צו זאָגען: עס קומט אַראָפּ אַ נשמה אויף דער וועלט און לעבט אָפּ זיבעציג יאָר צוליב טאָן אַ איד אַ טובה בגשמיות, ובפרט ברוחניות.

(בעל שם טוב הקדוש זצ"ל)

## ער שטראָפט נישט אומזיסט

אַ מגיד האָט אַמאָל געהאַלטען אַ דרשה אין בית המדרש פון רבי'ן ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ"ל, און ער האָט געהאַלטען אין איין גיסען פעך און שוועבל וועגען די חטאים פון אידישען פאָלק, אָנווייזענדיג בלויז די זינד און נישט די גוטע מעשים.

נאָכדעם ווי דער באַרדיטשעווער זצ"ל האָט אויסגעהערט די באַשולדיגונגס דרשה האָט ער אויפגעהויבען די הענט צום הימעל און געזאָגט: רבונו של עולם, דער מגיד האָט אַ טאָכטער חתונה צו מאַכען און ער איז זייער פאַראָרימט. די ביטערע ליידען רעדען אַרויס פון אים. באַשער אים אַ גוטע פרנסה און ער וועט אויפהערען מקטרג צו זיין אויף אידען...

(רבי ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ"ל)

## וואָס הייסט צרת רבים?

„צרת רבים" מיינט נישט נאָר אַז ווען עס טרעפט אַ רבים אַ צרה איז דאָס אַ לינדערונג און אַ טרייסט פאַר'ן יחיד, נאָר עס קען אויך מיינען אַז ווען דער רבים, אַ גרויסע צאָל מענטשען נעמען אָנטייל און פילען מיט אין דעם אומגליק פון אַ יחיד, איז דאָס אויך אַ שטיקעל טרייסט — אַ חצי נחמה.

(אַ חסידיש וואָרט)

## אַ „רודף" און אַ „נרדף"

עס איז בעסער צו זיין פון די „נרדפים" איידער פון די „רודפים".

(בשם צדיק אחד)

## די צדקה וואָס באַפרידיגט דעם אייגענעם „איך"

אַ איד אַ עושר, וועלכער איז געווען אַ גרויסער בעל צדקה, האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי'ן ר' בער ראַדאָשיצער זצ"ל: „איר ווייסט דאָך רבי, אַז איך גיב אַוועק אַ סך געלט פאַר פאַרשיידענע צדקה צוועקען, וואָלט איך זייער געוואָלט וויסען וואָס וועט זיין מיין חלק עולם הבא?"

האָט אים דער רבי ר' בער ראַדאָשיצער געענטפערט: אייגענטליך וואָס באַוועגט דיך דו זאָלסט געבען צדקה? עס קומט צו דיר אַן אומגליק־ליכער אָרימאַן, און ער דערציילט דיר וועגען זיינע שרעקליכע ליידען און גיסט אויס פאַר דיר זיין ביטער האַרץ, אַזוי אַז כדי צו באַרואיגען דיין אייגען געוויסען וואָס פייניגט דיך צוקוקענדיג יענעמס פיין, גיסט דו אים צדקה, און דאָס פאַרשאַפט דיר גרויס הנאה נאָך מער ווי דעם אָרימאַן אַליין, טאָ פאַר האָבען פאַרגעניגען ווילסטו נאָך האָבען עולם הבא אויך?...

(רבי ר' בער ראַדאָשיצער זצ"ל)

## ב ר ו ד ע ר ש אַ פ ט

דער רבי ר' יצחק'ל וואורקער זצ"ל האָט געהאַלטען אַז עס דאַרף הערשען אַ שטאַרקע ליבשאַפט און ברודערשאַפט צווישען איין איד און דעם אַנדערן. ער האָט געטייטשט דעם פסוק: „עד גשתו עד אחיו" (וישלח) — ער האָט זיך דערנענטערט צו אים אויף אַזאַ אופן ביז ער האָט געפילט צו אים אַ „ברודערשאַפט"...

(רבי ר' יצחק'ל וואורקער זצ"ל)

## די עלענדקייט פון אַן אוממענטש

דער גרויסהאַלטער האָט נישט קיין ג־ט אין האַרצען. דער בעל קנאה האָט נישט קיין גוטען פריינד. דער כעס'ן פאַרצערט זיך אַליין פון פיל אויפרעגונג. טאָ וואָס האָט אַזאַ מענטש פון לעבען?

קיין ג־ט האָט ער נישט, קיין פריינד האָט ער נישט, — און זיך אַליין האָט ער אויך נישט...

(בשם צדיק אחד)

## אַ קליין קעפּל און גרויסע געשעפטען

אַ חסיד האָט זיך אַמאָל באַקלאָגט פאַר'ן רבי ר' מאיר'ל דזשיקאָווער זצ"ל אַז ער האָט ר"ל נישט קיין פּרנסה, אין דער צייט וואָס ביי זיין שכן איז פאַראַן גרויס שפע.

האָט אים דער רבי געזאָגט מיט אַ שמייכעל: מיט אַזאַ קליין קעפּל פּירסטו אַזש צוויי געשעפטען, דיינס און יענעמס?! פאָר אַהיים און טראַכט בלויז וועגען דיין געשעפט, וועסטו זען אַז דיין מאַטעריעלע לאַגע וועט זיך פאַרבעסערן און דו וועסט מצליח זיין.

(רבי ר' מאיר'ל דזשיקאָווער זצ"ל)

## דער גרויסער אוהב ישראל

ווי באַוואוסט פלעגט דער גרויסער אוהב ישראל דער רבי ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ"ל אָפט זיך אויסטענה'ן מיט'ן רבונו של עולם און מאָנען פאַרגעבונג פאַר'ן אידישען פאָלק.

איינמאָל האָט דער רבי ר' ברוכ'ל מעזשיבוזשער זצ"ל אַ זאָג געטאָן אויף אים: לויט ר' לוי יצחק'ן האָט נאָך השם יתברך אַקעגען איין איינציגען איד נישט יוצא געווען...

(רבי ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ"ל)

## זיך דורכרעדען דערנענטערט דעם שלום

אַז איינער וויל זיך איבערבעטען מיט דעם וואָס ער איז געווען צעקריגט, איז דער ערשטער שריט זיינער דאָס וואָס ער הויבט אָן יענעם פאַרצואוואַרפען פאַרשיידענע עוולות און אומגערעכטיגקייטען, און דאָס קען שוין דינען אַלס באַווייז אַז ער וויל זיך לאָזען איבערבעטען.

דאָס איז דער פשט „נושא עון ועובר על פשע" (מיכה) — אויב מען הויבט נאָר אָן צו אונטערהאַנדלען און דיסקוטירען וועגען די באַגאַנגענע אומרעכטען, איז דאָס שוין אַ באַווייז אַז מען וויל מוחל זיין און זיך איבערבעטען.

(תולדות יעקב יוסף)

## די גאַנצע וועלט איז באַרג און טאָל

דער חידושי הרי"ם זצ"ל איז אַמאָל געפאָרען אין אַ וואָגען צוזאַמען מיט נאָך חסידים אין די קאַרפּאַטען בערג, וואו עס איז געווען בלויז באַרג און טאָל. דער וואָגען האָט זיך שטאַרק געטרייסעלט און געוואַקעלט

און די חסידים האָבען זייער מורא געהאַט. נאָר דער חידושי הרי"ם איז געזעסען רואיג און נישט אַרויסגעוויזען קיין שום שרעק.

אויף דער פראַגע פון די מקורבים, פאַרוואָס ער ווערט גאָרנישט נתפעל און האָט נישט קיין פחד? האָט ער געענטפערט: די גאַנצע וועלט, יעדער שריט און טריט, איז בלויז באַרג און טאָל, עליות און ירידות, און אַזאַ סכנה איז תמיד און אומעטום פאַראַן.

(דער חידושי הרי"ם זצ"ל)

# גוטס און שלעכטס

### עס איז נישט פאַראַן קיין רע מוחלט

אַלע באַשעפענישען און עלעמענטען וואָס פילען אָן די וועלט, דומם, צומח, חי, מדבר — מינעראַלען, פלאַנצען, שטומע בריות און רעדעוודיגע — סיי גוטע און סיי שלעכטע עלעמענטען ציען זייער יניקה פון דער שכינה.

ווען עמיצען וועט זיין אומפאַרשטענדליך, וויאַזוי איז מעגליך אַז די שכינה זאָל סובל זיין אַזעלכע קעגענגעזעצטע קאָנטראַסטען ווי גוטס און שלעכטס? זאָל ער אָבער פאַרשטיין אַז דאָס שלעכטס איז אַ שטאַפּעל צום גוטען, ווייל דער שלעכטער עלעמענט קען אַמאָל זיין די אורזאַך פון גוטס, האָט עס שוין ממילא אַ זכות הקיום.

דער זעלבער געדאַנק קען אויך אָנגעווענדעט ווערען ביי מענטשליכע מידות, ווי אַ שטייגער גרויסהאַלטעריי, שטרענגקייט, אָדער קאַרגשאַפט. גדלות קען נוצליך זיין פאַר אַ תלמיד חכם, וועלכער דאַרף באַזיצען אַ שמינית שבשמינית. תקיפות קען באַנוצט ווערען קעגען די בעלי עבירה און קאַרגשאַפט קען אַמאָל זיין וויכטיג, ווייל אַ מענטש דאַרף נישט אַוועקגעבען מער ווי אַ פינפטעל פון זיין פאַרמעגען.

(בעל שם טוב הקדוש זצ״ל)

### גוט, פרום און קלוג

דער רבי ר׳ נפתלי ראָפּשיצער זצ״ל האָט געזאָגט אַז דער מענטש איז בלויז גוט איז ער אַ נואף, בלויז פרום איז ער אַ גנב, בלויז קלוג איז ער אַן אַפּיקורס. נאָר מען דאַרף מצרף זיין און באַזיצען אַלע דריי אייגענשאַפטען צוזאַמען.

(רבי ר׳ נפתלי ראָפּשיצער זצ״ל)

### אַזוי ווי מצה־טייג

פאַראַן אידען וואָס זיינען געגליכען צו מצה־טייג, זיי זיינען דעמאָלט כשר און פרום, ווען מען וואַלגערט זיי און מען פייניגט זיי. ווי באַלד אָבער מען לאָזט זיי צורוה און מען הערט זיי אויף צו וואַלגערן און מאַטערן, דאַן ווערען זיי פונקט ווי מצה־טייג, כולו חמץ...

(רבי ר׳ יחזקאל קוזמירער זצ״ל)

## דער גוטער ליידט צומייסטענס

דער רבי ר׳ יחיאל למאיר פון אָסטראָווצע זצ״ל האָט געזאָגט: עס שטייט אין פסוק העשירי יהי׳ קודש (פרשת בחקותי) — פאַרוואָס איז דאָס אומשולדיגע הייליגע שעפסעלע געשלאָגן געוואָרען?

נאָר אַזוי איז שוין דער גורל, שמייסען שמייסט מען נאָר דעם קדוש, דער קדוש באַקומט די קלעפ... דער רמב״ן ז״ל זאָגט „כל המקודש יותר נחרב יותר״...

(רבי ר׳ יחיאל מאיר אָסטראָווצער זצ״ל)

## פאַלשע „גוטע־פריינט״

דער רבי ר׳ יהוש׳לע דזשיקאָווער זצ״ל האָט געטייטשט: „ה׳ לי בעוזרי״ (תהלים קי״ח) — דער באַשעפער זאָל מיר העלפען פון די וואָס מאַכען זיך פאַר מיינע גוטע פריינט, די כלומר׳שטע העלפער, וועלכע מאַכען דעם אָנשטעל אַז זיי זיינען מיינע גוטע פריינט. „ואני אראה בשונאי״ — פון מיינע אָפענע שונאים און איטריגאַנטען וועל זיך אַליין וויסען אויסצוהיטען...

(רבי ר׳ יהוש׳לע דזשיקאָווער זצ״ל)

## עס, נישט כדאי...

דער באַרעדער און לשון הרע׳ניק קען יענעם שאדען טאָן אפילו אויף אַ נישט דירעקטען אופן. צום ביישפּיל: ווען מען פרעגט אים אויף עמיצען וועגען אַ שידוך אָדער קרעדיט, און ער ענטפערט „לאָמיר בעסער וועגען נישט רעדען״...

דאָס איז אפשר דער זין פון די ווערטער: „על חטא שחטאנו לפניך בבטוי שפתים״... — מיט׳ן בלויזען אופן פון רעדען...

(בשם צדיק אחד)

## צו טאָן גוטס איז דאָס וויכטיגסטע

אַ חסיד האָט זיך אַמאָל באַקלאָגט פאַר דעם יוד הקדוש זצ״ל, אַז ער וואָלט זייער געוואָלט ווערען אַ למדן און געדענקען ש״ס און פוסקים, נאָר ליידער איז זיין קאָפּ צו שוואַך אויפצונעמען די שווערע סוגיות און אויך זיין זכרון דינט אים נישט ווי געהעריג. דערויף האָט אים דער יוד הקדוש געענטפערט: אין דער גאַנצער תורה איז נישט פאַראַן אַזאַ מצוה אַז מען דאַרף זיין אַ למדן, בלויז איין איינציג מאָל ווערט

געזאָגט אין פסוק „למדו היטב״ (ישעי׳ א׳) — און רש״י הקדוש באַ־וואָרענט דאָרט באַלד אויפ׳ן אָרט „היטב — להיטיב״, דער פשט איז: נישט צו קענען גוט לערנען, נאָר זיך תמיד לערנען וויאַזוי צו טאָן גוטס.

(דער יוד הקדוש זצ״ל)

## גוטסקייט און גרויסקייט

עס איז זייער גוט צו זיין גרויס, עס איז אָבער גאָר גרויס צו זיין גוט...

(בשם חסיד אחד)

## דער פּרוביר שטיין

אויב עמיצער האָט אַ ספק צי ער זאָל יאָ טאָן עפּעס אַ זאַך אָדער נישט, איז דער אבן הבוחן דערפון ער זאָל זען צו קאָנטראָלירען אויב די פעולה וואָס ער גייט טאָן איז אויסגעשיילט פון אַ פּני׳, און אויב ער וועט נישט האָבען דערפון קיין פּריוואַטע פּערזענליכע הנאה.

(תולדות יעקב יוסף)

## די שיינקייט פון אַ כלי

פּאַרצייטישע צדיקים פלעגען שטאַרק נתפּעל ווערען פון שיינקייט. אָבער זייער התפּעלות איז געווען אַן אַנדער מין ווי מען איז עס געוואוינט ביי געוויינליכע, דורכשניטליכע מענטשען.

אָט האָט דער רבי ר׳ בער זצ״ל אַמאָל געזאָגט צו זיינס אַ מקורב: אַז דו זעסט אַ שיינע כלי זאָלסטו וויסען אַז דער חומר פון דער כלי האָט נאָר אַ קליינעם ווערט; די שיינקייט פון דער כלי ליגט אינעם צד פון איר רוחניות.

(רבי ר׳ בער פון מעזריטש זצ״ל)

# עגאָאיזם און ליבשאַפט

## אַ מיטעל געגען עגאָאיזם

די אותיות „אני" — איך, זיינען די זעלבע אותיות וואָס „אין" — נישט. אויב דער מענטש וויל אויסוואָרצלען פון זיך דאָס „איך"-באַוואוסטזיין און עגאָאיזם, דאַן דאַרף ער פאַרוואַנדלען דעם „אני" אויף „אין", זיך האַלטען פאַר נישטיג און קומען צו דער מדריגה פון ביטול היש.

(דער תניא זצ"ל)

## עגאָאיזם און געטליכקייט

די חז"ל זאָגען וועגען אַ בעל גאוה: אין אני והוא יכולים לדור בכפיפה אחת. די כוונה דערפון איז, אַז די „איך"-מענטשען וועלכע זיינען אַריינגעטאָן נאָר אין זייערע פערזענליכע באַדערפענישען, קענען נישט האָבען קיין געפיל פון דער געטליכקייט.

(בשם צדיק אחד)

## אַ סגולה צו אהבת ישראל

דער סטרעטינער רבי זצ"ל איז געווען באַוואוסט אַלס גרויסער בעל סגולה. ער פלעגט „אָנשפּרעכען" פאַרשיידענע מטבעות און דאָס האָט געהאָלפען אַז יעדענס בקשות זאָלען דערפילט ווערען.

איינמאָל איז צו אים געקומען אַ חסיד מיט אַ בקשה, ער זאָל אים געבען עפּעס אַ מטבע וואָס זאָל זיין מסוגל צו אהבת השם.

האָט אים דער סטרעטינער רבי געענטפערט: דאָס איז אַ גאַנץ פשוט'ע זאַך און דערצו דאַרפסטו קיין מטבע נישט האָבען. די סגולה צו אהבת השם איז אהבת ישראל...

(רבי ר' יהודה צבי סטרעטינער זצ"ל)

## געגענזייטיג

דער רבי ר' משה לייב סאַסאָווער זצ"ל פלעגט זאָגען: האָב ליב אַ איד וועט כביכול דיך אויך ליב האָבען. טו אַ טובה פאַר אַ איד, וועט כביכול דער רבונו של עולם אויך דיר אַ טובה טאָן. פאַרטיידיג אַ איד, וועט כביכול אויך דיך פאַרטיידיגען. זע נישט קיין שלעכטס ביי אַ איד, וועט אויך דער רבונו של עולם ביי דיר נישט זען קיין שלעכטס.

(רבי ר' משה לייב סאַסאָווער זצ"ל)

## מען זעט אַלעס נאָר נישט זיך אַליין

דאָס מענטשליכע אויג זעט אַלעס און באַמערקט אַלעס, נאָר עס זעט נישט דאָס וואָס עס קומט פאָר ביי זיך אַליין. עס זעט אַלעס, נאָר נישט דעם אייגענעם „איך".

(בשם צדיק אחד)

## „אויסגיין"

רעדענדיג אַמאָל וועגען די מסירת נפש וואָס אַ אידישער מנהיג דאַרף באַזיצען און ווי וויט ער דאַרף זיך מקריב זיין פאַר די אינטערעסען פון פאָלק, האָט דער רבי ר׳ בונם פון פשיסכע זצ"ל אויסגעטייטשט דעם פסוק „יפקוד ד׳ איש על העדה אשר יצא לפניהם" (פרשת פנחס) — משה רבינו האָט געבעטען כביכול ער זאָל באַשטימען אַזאַ מנהיג וואָס זאָל „אויסגיין" ממש פאַר׳ן אידישען פאָלק...

(רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ"ל)

## אהבת ישראל

דער רבי ר׳ שלמה ראַדאָמסקער זצ"ל, דער בעל „תפארת שלמה", האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט: וויאַזוי קאָנט איר זאָגען אַז איך בין אַ צדיק, אין דער צייט וואָס איך פיל אַ ליבשאַפט צו מיינע קינדער מער ווי צו אַנדערע אידישע קינדער...

(רבי ר׳ שלמה׳לע ראַדאָמסקער זצ"ל)

## חסידים געזעגענען זיך נישט

צווישען חסידים הערשט אַ שטאַרקע אחדות און ליבשאַפט פון איינעם צום אַנדערן. עס איז פאַראַן וועגען דעם אַ חסידיש וואָרט וואָס זאָגט: „חסידים געזעגענען זיך נישט", ווייל מען פאָרט זיך קיינמאָל נישט פאַנאַנדער. וואו מען איז איז מען איין משפחה.

(אַ חסידיש וואָרט)

## אמת׳ע אהבת ישראל

דער וואָס האָט נאָך נישט דערגרייכט די מדריגה צו פועל׳ן ביי זיך אויסצוזויגען מיט׳ן אייגענעם מויל דאָס אייטער און בלוט פון די געשווירען פון קראַנקע אידישע קינדער האָט נאָך נישט דערגרייכט אפילו אַ העלפט אין אמת׳ע אהבת ישראל.

(רבי ר׳ משה לייב סאַסאָווער זצ"ל)

## זעלבסט־האס

דער רבי ר׳ שלמה לייב לענטשנער זצ״ל האט געזאגט: וויאזוי קאן איך מקיים זיין דעם ואהבת לרעך כמוך (פרשת קדושים), אז איך האב זיך אליין פיינט און כ׳האב אלעמאל פרעטענזיעס צו זיך אליין...

(רבי ר׳ שלמה לייב לענטשנער זצ״ל)

## דעם אפטער׳ס צען גלגולים

דער אפטער צדיק רבי ר׳ אברהם יהושע העשיל זצ״ל, דער בעל אוהב ישראל, האט דערציילט וועגן זיך: צען מאל האב איך געלעבט אויף דער דאזיגער וועלט. איך בין געווען א כהן גדול אין בית המקדש. איך בין געווען א נשיא. איך בין געווען א קעניג. איך בין געווען א ריש גלותא. צען פארשידענע אמטען האב איך פארנומען במשך די גלגולים. איך בין דעריבער כסדר אראפגעשיקט געווארען אויף דער וועלט כדי צו פארפולקאמען מיין אהבת ישראל. ווייל ווען איך האב געלעבט האב איך נאך נישט ליב געהאט א איד אינגאנצען בתכלית השלימות. אויב איך וועל דאס מאל מצליח זיין און ארויסווייזען אמת׳ע אהבת ישראל, וועל איך שוין קיינמאל מער נישט צוריקקומען...

(דערציילט פון חסידים)

## מען דארף נישט לערנען בלויז פאר זיך

דער רבי ר׳ מאטעלע טשערנאבלער זצ״ל איז אמאל אריין אין בית המדרש און זיך צוגעהערט ווי א איד זיצט און לערנט. ארויס־גייענדיג האט ער געזאגט צו די מקורבים: ווען איך באגעגען א איד וואס זיצט און לערנט האב איך דערפון גרויס הנאה, ווייל מן הסתם לערנט ער „בשם כל ישראל״. אויב ווידער ער לערנט בלויז פאר זיך, וויל איך אים נישט קענען מיט זיין גאנץ לערנען...

(רבי ר׳ מאטעלע טשערנאבלער זצ״ל)

## דער עגאאיזם איז א שייד־וואנט

אין דער תורה שטייט „אנכי עומד בין ה׳ וביניכם״ (דברים ה׳, ה) — דאס אנוכיות, דער עגאאיזם, די איבערגעטריבענע זעלבסט־ליבע מאכט אן די גרעסטע חורבות און אין א מחיצה צווישען מענטש און באשעפער...

(רבי ר׳ מיכל׳ע זלאטשאווער זצ״ל)

## אהבה און יראה

מען דאַרף ליב האָבען דעם מענטש, ווייל מיר דאַרפען מורא האָבען פאַר׳ן בורא עולם. אונזער ליבשאַפט צום בורא עולם דאַרף אָבער נישט זיין ווייל מיר האָבען מורא פאַר מענטשען...

(בשם צדיק אחד)

## ווען דער עגאָאיזם וועט אויפהערן

דער רבי ר׳ משה טייטלבוים פון איהעל, דער בעל „ישמח משה" זצ"ל האָט געטייטשט: „אין בן דוד בא עד שתכלה פרוטה מן הכיס" (סנהדרין צ"ט) — פרוטה איז פון לשון פרטיות — עגאָאיזם. דאָס הייסט משיח וועט ערשט דעמאָלט קומען, וואָן דער מענטש וועט באַזייטיגען דעם אייגענעם „איך", נישט אין זינען האָבען קיין עגאָאיסטישע אַמביציעס און אייגענע אינטערעסען, נאָר בלויז טראַכטען אַז אַלץ וואָס ער טוט איז לטובת הכלל.

(דער בעל ישמח משה זצ"ל)

## אַן איבערפלוס פון ליבשאַפט

אין אונזער באַציאונג צו די מיטמענטשען דאַרף מען אַרויסווייזען אַן איבערפלוס פון ליבשאַפט, מער און אין אַ גרעסערער מאָס ווי געוויינליך, ווייל אין דער וועלט פעלט די דאָזיגע מידה, דאַרפען מיר דעריבער ממלא זיין דעם חסרון מיט דעם יתרון פון אַ סך ליבשאַפט...

(רבי ר׳ פנחס קאָריצער זצ"ל)

## פעסימיזם און עגאָאיזם

דער וואָס דרייט זיך אַרום מיט פעסימיסטישע געדאַנקען און איז פאַרמרה־שחורה׳ט הייסט דאָס ווי ער וואָלט געזאָגט: עס קומט מיר אָבער עס פעלט מיר דאָס און דאָס, סיי אין גשמיות און סיי רוחניות... דאָס הייסט, אַז מען זוכט נאָר צו באַפרידיגען דעם עגאָאיסטישען „איך" און מען איז נאָר אויסען דעם אייגענעם נוץ. אָבער ווער זאָגט דאָס, אַז עס קומט דיר און דו קומסט קיינעם נישט?

(רבי ר׳ אהרן קאַרלינער זצ"ל)

## דעם סאַסאָווער׳ס מענטשען־ליבשאַפט

אַ שיכור האָט אַמאָל געקלאַפט אין פענסטער אינמיטען דער נאַכט ווען דער הייליגער סאַסאָווער רבי ר׳ משה לייב זצ"ל איז געזעסען ביי

אַ גמרא פאַרטיפט אין לערנען. דער סאַסאָווער האָט זיך צוערשט געוויגערט אויב ער זאָל עפענען די טיר, טראַכטענדיג אַז דאָס קען אים מבטל זיין פון לערנען, עס קען פירען צו ביטול תורה, אָבער דערנאָך האָט ער צו זיך אַ זאָג געטאָן: אויב דו באַשעפער ליידסט אים אויף דער וועלט, מסתמא דאַרף אויך ער, דער שיכור, דאָ זיין, וועל איך אויך אים ליידען.

(רבי ר׳ משה לייב סאַסאָווער זצ״ל)

## אהבה רבה און אהבת עולם

דער שפת אמת זצ״ל איז זיך אַמאָל צוזאַמענגעקומען מיט אַ באַרימטען רבי׳ן צווישען וועלכע עס האָט זיך אַנטוויקעלט אַ שטאַרקע פריינטשאַפט און ליבשאַפט. ביים געזעגענען זיך האָט דער רבי געזאָגט: השי״ת זאָל העלפען עס זאָל תמיד זיין צווישען אונזביידע „אהבה רבה״.

דערויף האָט דער שפת אמת אים אַ זאָג געטאָן: כדי אָנצוהאַלטען די „אהבה רבה״ צווישען אונז, דאַרף מען זען אַז עס זאָל זיין „אהבת עולם״ — די חסידים, דער עולם צווישען זיך זאָלען זיך געגענזייטיג ליב האָבען. אויב עס וועט זיין שלום און אחדות צווישען אונזערע חסידים, וועט ממילא אונזער אהבה זיין אַ שטענדיגע און גאַנצע...

(דער שפת אמת זצ״ל)

## די פּראָסטע אידען

ווען חסידים האָבען דערציילט דעם בעל התניא זצ״ל וועגען די גרויסע יסורים וואָס מען האָט אויסצושטיין פון די מתנגדישע אידען, די פּראָסטע המון עם אידען, האָט ער געזאָגט: דער זיידע (אַזוי פלעגט ער רופען דעם בעל שם טוב זצ״ל) האָט זייער ליב געהאַט די פּראָסטע אידען און ער פלעגט זאָגען אַז אהבת ישראל איז אהבת המקום. עס שטייט בנים אתם לד׳ אלקיכם, אַז מען האָט ליב דעם פאָטער, האָט מען ליב די קינדער...

(דער תניא זצ״ל)

## אַ ברכה לבטלה

אַ פאַרצייטישער צדיק האָט ערקלערט דעם טעם פאַרוואָס מען מאַכט נישט קיין ברכה ביי דער מצוה פון שלח־מנות אויף דעם פאָלגענדען אופן: די ברכה וואָלט געדאַרפט זיין „הנני מוכן ומזומן... ברוך אתה ה׳ וכו׳ על

מצות משלוח מנות איש לרעהו". אָבער אין דעם עלמא דשקרא ווער קען וויסען צי דער „רעהו" צו וועמען מען שיקט שלח־מנות איז באמת אַ פריינד, אפשר איז ער גאָר אַ באַהאַלטענער שונא, ממילא אויב מען וועט מאַכען אַ ברכה בשם ומלכות וועט עס דאָך זיין אַ ברכה לבטלה...

(בשם צדיק אחד)

## האָט ליב אפילו רשעים

אַ צדיק שאינו גמור האָב ליב רשעים שאינם גמורים, אָבער אַ צדיק גמור האָט ליב אפילו רשעים גמורים...

(רבי ר' לייב מוכיח זצ"ל)

## ער הערט נישט אויף ליב צו האָבען

אַ מקורב האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי'ן ר' ישראל'טשע וויזשניצער זצ"ל, ווי קומט עס וואָס איר זענט באַליבט ביי אַלע קרייזען, אפילו ביי קעגנער? דערויף האָט דער רבי געענטפערט: איך האָב אַזוי לאַנג ליב מיינע קעגנער און מתנגדים, ביז אויך זיי הויבען אָן מיך ליב צו באַקומען...

(רבי ר' ישראל'טשע וויזשניצער זצ"ל)

# פילאזאפיע און פסיכאלאגיע

## די חכמה פון אלע חכמות

אלע חכמות און וויסענשאפטליכע דערקלערונגען, אלע פילאזאפישע שיטות פון די פארשידענע ביכער, קומען גארנישט צו דער חכמה פון א שטיקעלע מהרש״א אדער מהר״ם...

(רבי ר׳ נחמן בראסלאווער זצ״ל)

## שטרעבונג און תכלית

שלעכט איז דעם וואס זעט פאר זיך א תכלית אין לעבען, נאר ער קען אים ליידער נישט דערגרייכען. אבער נאך ערגער איז דעם וואס האט זיין תכלית יא דערגרייכט נאר דער תכלית איז קיין תכלית נישט...

(בשם צדיק אחד)

## פון וואס קלערט מען?

קאצקער חסידות האט ליב געהאט טיפקייט, שוועבען אין די הויכע עולמות, פארטראכטקייט. א חסיד האט זיך איינמאל ארומגעדרייט ארויף און אראפ אין בית המדרש מיט׳ן טלית אויף די אקסלען און איז געווען שטארק פארטראכט ווי איינער וואס קלערט וועגען עפעס א שווערען ענין. דער דאזיגער יונגערמאן איז געווען א פאר טעג נאך דער חתונה און איז ערשט נישט לאנג צוריק אנגעקומען קיין קאצק. פרעגט אים זיין שווער: ביזט דאך נאר וואס אנגעקומען קיין קאצק, הייגט פון וואנען־זשע ווייסטו שוין אז דו דארפסט זיין פאר׳מוח׳ט און וועגען וואס קלערסטו?

„איך קלער טאקע וואס צו קלערען" — האט דער איידעם גע־ענטפערט...

## איין ג־ט און צוויי וועלטען

ווען מען האט ארעסטירט דעם אלטען ליובאוויטשער רבי׳ן זצ״ל, האט אים א גענעראל געפרעגט: לוינט עס זיך צו פארלירען אזא שיינע וועלט צוליב אידישקייט?

דערויף האט אים דער רבי געענטפערט: איר גלויבט אין איין וועלט און אין א סך געטער; אבער איך גלויב אין איין ג־ט און אין א סך וועלטען...

(דער ליובאוויטשער רבי זצ״ל)

## דער סוד פון דענקען

די חוקרים דענקען און פילאָזאָפירען וועגען דעם סוד פון לעבען, — און דעם סוד פון דענקען וויסען זיי דען יאָ?

(בשם צדיק אחד)

## דאָס דביקות ניגונ׳דל

קאַרלינער חסידים דערציילען, אַז איידער דער אַלטער קאַרלינער רבי זצ״ל האָט אָנגעהויבען צו זאָגען תורה, האָט ער זיך פריער שטאַרק פאַר׳דבקה׳ט און אונטערגעזונגען מיט די ווערטער:

מלאכים, שרפים ואופנים פרעגען זיך: וואו איז כביכול?
אוי וויי, וואָס ענטפערט מען זיי?
לית אתר פנוי מיניה!

## וועגען תעניתים און סיגופים

וועגען די וועלכע פאַרברענגען זייער לעבען מיט תעניתים און פאַרשיידענע סיגופים און דאָך בלייבען זיי ביי דעם זעלבען וואָס געווען, נישט שטייגענדיג צו העכערע מדריגות, האָט דער קאָזשעניצער מגיד זצ״ל זיך אויסגעדריקט אויף פאָלגענדען שאַרפזיניגען אופן:

עס איז שוין גלייכער איבערהויפּט נישט צו פאַסטען און אָפּצונאַרען די וועלט אַז ער פאַסט יאָ, איידער יאָ פאַסטען און אָפּצונאַרען זיך אַליין...

(דער קאָזשעניצער מגיד זצ״ל)

## די גרויסע חכמה

דער רבי ר׳ בונם פון פשיסכע זצ״ל האָט געזאָגט: די גרעסטע חכמה איז נישט וועלען זיין צופיל חכם.

(רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ״ל)

## אַ נוגע בדבר

דער וואָס איז נוגע אין עפּעס און האָט עפּעס אַ פּערזענליכען אינ־טערעס איז נאָך ערגער פון אַ בלינדען. אַ בלינדער זעט גאָרנישט, אַ נוגע בדבר זעט אָבער יעדע זאַך פונקט קאַפּויער...

(רבי ר׳ אברהמ׳לע סאָכאַטשאָווער זצ״ל)

### וואָס הייסט אַן אמת'ער מופת?

דער רבי ר' ברוכ'ל מעזשיבוזשער זצ"ל האָט אַמאָל געזאָגט: די הויפּט גרויסקייט פון אליהו איז נישט באַשטאַנען בלויז אין דעם וואָס ער האָט באַוויזען איבערנאַטירליכע וואונדער, זיין גרעסטער מופת איז געווען דעמאָלט ווען דאָס פייער איז געפאַלען פון הימעל, האָט דאָס פאָלק נישט גערעדט וועגען דעם וואונדער, נאָר אַלע האָבען זיי געשריבען און אנערקענט אַז „ה' הוא האלקים".

(רבי ר' ברוכ'ל מעזשיבוזשער זצ"ל)

### זאָל וויי טאָן, אַבי וויסען

מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי'ן ר' מענדעלע פון קאָצק זצ"ל עס שטייט אין קהלת „יוסיף דעת יוסיף מכאוב" — אויב וויסען ברענגט ווייטאָג, צי וואָס זשע דאַרף מען איבערהויפּט וויסען? האָט ער געענט־פערט: זאָל וויי טאָן אַבי וויסען וואָס מער...

(רבי ר' מענדעלע קאָצקער זצ"ל)

### דער איין און איינציגער

ווען דער וואורקער רבי זצ"ל איז אַמאָל געווען אין אַ שטאַרק דביקות'דיגער שטימונג, האָט ער געפרעגט דעם קוטנער רב ר' יהושע'לע זצ"ל: וואָס איז דער טייטש „אחד"?

דער קוטנער רב איז תחילת געבליבען צעמישט און נישט פאַר־שטאַנען זיין פראַגע. אָבער דער וואורקער האָט באַלד אַ זאָג געטאָן: איר פאַרשטייט, אחד איז דער טייטש דער „איין און איינציגער" (געמיינט השם יתברך).

(רבי ר' יצחק'ל וואורקער זצ"ל)

### מען טאָר נישט פרעגען קיין קשיות איידער מען ווייסט דעם תירוץ

איידער מען פאַרטיפט זיך אין וועלטליכע חכמות, דאַרף מען פריער זיין גוט פאַרפאַנצערט מיט איינפאַכע אמונה און יראת שמים, אָן שום ספקות און צווייפלען. „אין כאלוקינו" זאָגט מען פריער פאַר'ן „מי כאלוקינו". די פילאָזאָפישע פראַגען זיינען זייער דעליקאַטע און מען טאָר נישט פריער פאָרשען און פרעגען פאַרשידענע קשיות איידער מען ווייסט דעם תירוץ צו דער קשיא.

(רבי ר' חיימ'ל קאָסאָווער זצ"ל)

## אַז מען פאַרקריכט צו ווייט

אַ משכיל, אַ שטיק פריידענקער, האָט זיך אַמאָל באַקלאָגט פאַר אַ פאַרצייטישען צדיק אַז ער איז קראַנק אויף די פיס.

דערויף האָט דער צדיק זיך אָנגערופען: ווער האָט דיר געהייסען „פאַרקריכען" אַזוי ווייט. דו האָסט דערפאַר שלאַפע פיס, ווייל דו ביזט צו ווייט אַוועקגעגאַנגען פון אידישקייט...

(בשם צדיק אחד)

## דן זיין לכף זכות

עס איז אַ מצוה דן צו זיין יעדען מענטש לכף זכות, אַ פשיטא שוין אַז מען דאַרף דן זיין לכף זכות דעם רבונו של עולם, און נישט פרעגען קיין קשוית...

(רבי ר' אהרן קאַרלינער זצ"ל)

## צו קליין צו פאַרשטיין ג־ט'ס דרכים

ווען דעם מענטש דאַכט זיך אַז עס איז שלעכט ,איז דאָס גאָר פאַר זיין טובה וועגען. לאָמיר זיך פאָרשטעלען אַז אַ דאָרפסמענטש, וואָס איז דערצויגען געוואָרען אין דערווילדערניש קומט אין אַ שטאָט פון ציוויליזירטע מענטשען און ער זעט צום ערשטען מאָל אין לעבען אַ שניידער וואָס צעשניידט זיידענעם שטאָף אויף שטיקלעך, מאַכט ער אַ געוואַלד: זעט נאָר, דער שניידער מאַכט דאָך אַלץ קאַליע! ער פאַרשטייט אָבער נישט, אַז דאָס צעשניידען דעם שטאָף איז גאָר אַ תיקון פאַר דעם מלבוש...

(דער רבי ר' בער פון מעזריטש זצ"ל)

## דער יסוד פון אידישער פילאָזאָפיע

דער הויפט יסוד פון דעם אידישען וועלט באַנעם דאַרף זיין דער פסוק: „שאו מרום עיניכם וראו מי ברא אלה" (ישעיה מ, כ"ח).

(רבי ר' בונם פשיסכער זצ"ל)

## ווען עס וואָלט געווען אַ נשמה שפיגעל

ווען דער מענטש וואָלט געקענט זען אין שפיגעל ווי געמיין ער איז, וואָלט ער דאָס נישט אויסגעהאַלטען...

(בשם צדיק אחד)

## הימעלדיג

דער רבי ר׳ מענדעלע פון קאָצק זצ״ל האָט אַמאָל געטייטשט: „האזינו השמים״ — פאַרנעמט „הימעלדיג״...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## דער מענטש — די גרעסטע געהיימניש

מיט רענטגען־שטראַלען קען מען דורכדרינגען און דורכלייכטען דעם מענטשליכען קערפּער, אָבער נישט זיין נשמה...

(רבי ר׳ אלימלך האָראָוויץ פון מעליץ זצ״ל)

## ע נ ג ש אַ פ ט

דער רבי ר׳ מענדעלע פון קאָצק זצ״ל האָט אַמאָל פאַרפירט אַ פילאָזאָפישען שמועס מיט דעם רבי ר׳ יעקב ראַדזינער זצ״ל און געפרעגט: „יעקב, צו וואָס איז דער מענטש באַשאַפען געוואָרען אויף דער וועלט?״

דער ראַדזינער האָט געקלערט און געקלערט און געענטפערט: דער מענטש איז אַראָפּגעקומען אויף דעם עולם מתקן צו זיין די נשמה וואָס איז אַ חלק אלקי ממעל, כדי ער זאָל דערהייבען די הימלען.

צום דאָזיגען געשפּרעך האָט זיך צוגעהערט אַ פּרוש, אַ חסיד פון ראַדזינער און ער האָט דערויף באַמערקט: דער רבי וויל דערהויבען די הימלען, ווייל עס איז אים ענג אין „אין סוף״...

(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## נישט מיט קיין פילאָזאָפיע

„לגדולתו אין חקר״ (תהלים קמ״ו) — צו דער גדלות און גרויסקייט פון השם יתברך דאַרף מען נישט צוטרעטען מיט קיין פילאָזאָפישע טעאָריעס און נישט מיט אַנאַליטישער חקירה, נאָר מיט אמונה פשוטה.

(רבי ר׳ משה קאָברינער זצ״ל)

## נישט מער ווי אַ מענטש

דעם באַשעפער איז שווער צו פאַרשטיין, און אפילו אַ מענטש, להבדיל, איז אויך שווער צו פאַרשטיין. ווייל דער וואָס וויל אים פאַרשטיין איז אויך נישט מער ווי אַ מענטש (און אפשר דאָס אויך נישט...)

(בשם צדיק אחד)

## צו פאַרשטיין חכמה דאַרף מען זיין אַ חכם

דער רמב״ם איז געווען גרויס ווייל ער האָט פאַרשטאַנען די תורה און ער האָט געוואוסט וואָס עס טוט זיך אין מענטשליכען האַרץ. ווי גרויס איז דער וואָס פאַרשטייט דעם רמב״ם׳ס תורה און וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין זיין האַרץ...

(רבי ר׳ שלמה סאַדיגורדער זצ״ל)

## אַ גוטע לעבענס פילאָזאָפיע

מען דאַרף זיך נישט צופיל איבערנעמען מיט דעם לעבען מ׳שטיינס געזאָגט: דאָס וואָס איז געווען און פאַרגאַנגען איז דאָך שוין פאַרפאַלען; אויף דער צוקונפט האָף איך יעדע רגע ורגע אויף אַ ישועה פון הקב״ה; אויב ווידער עס איז פאַראַן אַ שיינבאַרע צרה איין רגע, כהרף עין, קען דען אַ מענטש נישט אויסהאַלטען יסורים איין מינוט?...

(בשם צדיק אחד)

## די מאַסע ווערט נתפעל פון רעקלאַמע

עס שטייט אין דער תורה: „וכל העם רואים את הקולות״ (פרשת יתרו) — דאָס הייסט אַז דאָס פאָלק, די המון־מענטשען ווערען באַגייסטערט און מיטגעריסען פון שרייענדיגע קולות, רעקלאַמע און פראָפּאַגאַנדע, לאָזענדיג זיך פאַרפירען פון טומעל...

(רבי ר׳ אלימלך פון גראָדזשיסק זצ״ל)

## די קלענערע פאַרקוקען זיך אויף די גרעסערע

עס שטייט „אבד חסיד מן הארץ וישר באדם אין״ (מיכה ז) — דער פרומער איז אונטערגעגאַנגען און קיין רעכטפערטיגער צווישען מענטשען איז נישט פאַראַן. די מאַסען, די המון־מענטשען גייען אַלעמאָל אַ שריט ווייטער פון די מנהיגים. אויב דער פירער פירט זיך אויף ווי אַ חסיד, ער פירט זיך לפנים משורת הדין, דאַן זיינען די פשוט׳ע מענטשען על כל פנים אָפּגעהיטען אין דין. אויב אָבער עס איז „אבד חסיד מין הארץ״ ער פאַרלירט זיך... ברענגט עס שוין דערצו אַז „וישר באדם אין״, אַז דער געוויינליכער און דורכשניטליכער מענטש איז זיך שוין מורה היתר צו טאָן אַזעלכע זאַכען וועלכע זיינען קעגען דין.

(רבי ר׳ צדוק הכהן פון לובלין זצ״ל)

## מען דאַרף וויסען וואָס מען זאָגט

דער רבי ר׳ בונם פון פשיסכע זצ״ל האָט געזאָגט: ווען איך וואָלט געוואָלט זאָגען וואונדערבאַרע דרשות, וואָלט איך געקענט אָנטפלעקען גאָר טיפע געדאַנקען, אָבער נישט אַלץ דאַרף מען זאָגען, ווייל דער שוטה זאָגט וואָס ער ווייסט און דער חכם ווייסט וואָס ער זאָגט...

(רבי ר׳ בונם פשיסכער זצ״ל)

## קנאה און שנאה

קנאה זעט אַזעלכע זאַכען וואָס זי זעט נישט: (חסרונות) שנאה זעט נישט וואָס זי זעט (מעלות)...

(בשם צדיק אחד)

# ווער און וואָס איז אַ איד

## „ י י ד "

דער רבי ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער זצ״ל האָט געזאָגט: פאַרוואָס מען רופט אַ בן־ישראל „ייד"? צו ווייזען אַז פונקט ווי דער אות „י" ווען מען מעקט אויס דאָס קורצע קליינע פיסעלע, בלייבט נישט מער ווי אַ פלעק. אַזוי אויך דער „ייד" וואָס מינערט און פאַרקלענערט זיין אידישקייט, בלייבט פון אים נישט מער ווי אַן אויסגעשמירטער פלעק...
(רבי ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער זצ״ל)

## פאַרוואָס מען האָט אים גערופען דער „ייד"?

דער אַלטער גערער רבי דער בעל שפת אמת זצ״ל האָט געגעבען אַ דערקלערונג פאַרוואָס מען האָט גערופען דעם רבי׳ן פון פשיסכע דער „יוד הקדוש", ווייל יעדען טאָג איז ער געשטיגען אין די מדריגות העכער און העכער, אַזוי אַז אַנטקעגען דעם נעכטיגען טאָג האָט ער געהייסען אַ נייער איד...
(דער שפת אמת זצ״ל)

## די ברכה שלא עשני גוי

דער רבי ר׳ משה טייטלבוים פון איהעל, דער בעל ישמח משה זצ״ל, האָט מסביר געווען פאַרוואָס מען מאַכט אַ ברכה „שלא עשני גוי" אין נעגאַטיווען זין, און פאַרוואָס זאָגט מען נישט „שעשני ישראל" אין אַ פּאָזיטיווען זין. דאָס איז דערפאַר, ווייל דאָס וואָס מען איז נישט קיין גוי פון געבורט אַן דאָס איז אַ חסד פון השם יתברך. אָבער צו ווערען אַן אמת׳ער איד דערויף מוז מען שטאַרק אַרבעטען און האָרעווען אויף זיך.
(דער ישמח משה זצ״ל)

## „איד" און „לאַנד"

געוויסע פאַרצייטישע צדיקים האָבען געהאַלטען פאַר זייער וויכטיג צו פאָרען צום צדיק הדור איידער קיין ארץ ישראל. ווען אַ חסיד האָט דערציילט דעם קאָצקער רבי׳ן ר׳ מענדעלע זצ״ל, אַז ער פּלאַנט צו פאָרען קיין ארץ ישראל, האָט ער אים געענטפערט מיט פאָלגענדען וואָרט־שפּיל: עס איז גלייכער צו פאָרען צום איד פון לאַנד, איידער צום לאַנד פון איד...
(רבי ר׳ מענדעלע קאָצקער זצ״ל)

## יעדער איד איז אַ קיזעלשטיין

אין פסוק שטייט „הביטו אל צור חוצבתם" (ישעי׳) — ישעי׳ הנביא טיטולירט אידען צו אַזאַ מין פעלז וואָס מען רופט קרעמען־שטיין, וועמענס אייגענשאַפט איז אַז עס האָט אַ באַהאַלטען פייער וואָס מען קען עס נישט פאַרניכטען. יעדער איד איז אַזאַ מין „צור".

(רבי ר׳ יוסף יצחק מליובאַוויטש זצ"ל)

## די י"ב חלות

דער רבי ר׳ העניך פון אַלעקסאַנדער זצ"ל האָט געזאָגט, אַז אפילו דער איד וואָס גרייט נישט אָן אויף שבת צום טיש קיין י"ב חלות, נאָר צוויי חלות איז אויך גוט, ווייל אַ יו"ד איז צעהן, און צוזאַמען מיט די צוויי חלות איז אויך י"ב חלות...

(רבי ר׳ העניך מאלעקסאַנדער זצ"ל)

## יעדער איד איז אַ גייסטיגער אוצר

דער בעל שם טוב הקדוש זצ"ל האָט געזאָגט: יעדער איד, אפילו דער פשוט׳סטער, דאַרף באַטראַכט ווערען ווי דער גרעסטער גייסטיגער אוצר. עס שטייט: כי תהיו אתם ארץ חפץ אמר ה׳ צבאו־ת (מלאכי ג, יב) — אידען זיינען דעם אויבערשטענס „ארץ חפץ", אַזוי ווי דער אויבערשטער „ארץ חפץ" (געוואונשענע ערד). אַזוי ווי השם יתברך האָט אין דער ערד אַריינגעגעבען די גרעסטע נאַטירליכסטע אוצרות, אַזוי האָט ער אין יעדען איד איינגעפלאַנצט די גרעסטע גייסטיגע אוצרות. מען דאַרף נאָר בלויז אויסגראָבען זיי פון דער טיפעניש פון אידישען האַרץ און אַרויסברענגען די נקודה עליונה וואָס עס לעבט אין אים, כדי ער זאָל קענען אַרויסגעבען די געוואונשענע פרוכטען.

(בעל שם טוב הקדוש זצ"ל)

## לעבען ווי אַ איד און שטאַרבען ווי אַ איד

עס זיינען לײדער פאַראַן אַזעלכע „מאָדערנע" אידען וועלכע וואָלטען געוואָלט לעבען ווי גויים און שטאַרבען ווי אידען. דאָס איז געווען דער וואונש פון בלעם הרשע, וועלכער האָט געבעטען „תמות נפשי מות ישרים" (פרשת בלק, כג, י).

(רבי ר׳ יהושע׳לע בעלזער זצ"ל)

## גוט צו זיין אַ איד

אין „עלים לתרופה" שרייבט דער רבי ר' נתן נעמיראָווער זצ"ל צו זיין זון: דו ווייסט, רבונו של עולם, מיין ווייטאָג, דאָך האָסטו אָבער פאַרט מיט מיר אַ חסד געטאָן און מיך באַשאַפן מזרע ישראל...

(רבי ר' נתן נעמיראָווער זצ"ל)

## אידישקייט

דער שפת אמת זצ"ל האָט געטייטשט דעם פסוק: הנה לא ינום ולא ישן שומר ישראל — מען דרימעלט נישט, מען שלאָפט נישט, נאָר מען היט אידישקייט...

(דער שפת אמת זצ"ל)

## די פרייד פון זיין אַ איד

דר רבי ר' צדוק הכהן פון לובלין זצ"ל דערציילט טאין זיין ספר „פרי צדיק" אַז דער רבי ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ"ל האָט אַמאָל פאַרפעלט צו זאָגען אין דער פרי ביים דאַווענען די ברכה „שלא עשני גוי". ווען עמיצער פון די מקורבים האָט אים געפרעגט די סיבה דערפון, האָט ער געענטפערט אַז ער האָט געזאָגט די דאָזיגע ברכה באַלד אין דער פריה, ווי נאָר ער איז אויפגעשטאַנען פון שלאָף. און פאַסירט האָט עס אויף דעם פאָלגענדען אופן: דעם טאָג האָט ער זיך געפילט זייער באַטריבט און געהאַט גרויס שברי לב. נישט וויסענדיג מיט וואָס זיך מחזק צו זיין איז אים איינגעפאַלען דער געדאַנק, אַז ער דאַרף זיך וויינינסטענס פרייען וואָס ער שטאַמט פון דעם הייליגען אידישען שורש. און ווי נאָר דער דאָזיגער פריידיגער געדאַנק איז אים געקומען אין זין אַריין, האָט ער באַלד מיט גרויס שמחה און התלהבות געמאַכט די ברכה „שלא עשני גוי" און דערמיט באַרואיגט זיין געמיט.

(רבי ר' צדוק הכהן זצ"ל פון לובלין)

# גלות און משיחישע בענקשאַפט

## דער ניגון פון בענקשאַפט

דער רבי ר׳ אייזיק׳ל קאַליווער זצ״ל איז יונגערהייט געווען אַ פאַסטוך. זייענדיג אַ שטאַרקער ליבהאָבער פון נגינה, האָט ער זיך צוגעהערט צו די געזאַנגען וואָס האָבען זיך געטראָגען פון די פעלדער פון די אונגאַרישע פאַסטוכער.

איינמאָל איז ער באַזונדערס באַגייסטערט געוואָרען פון אַ לידעל פון אַ פאַסטוך וואָס האָט אויסגעדריקט זיין בענקשאַפט נאָך זיין כלה: „וואַלד, וואַלד, ווי גרויס ביזטו! כלה, כלה, ווי ווייט ביזטו! וואַלד וואַלד ווער אַוועקגענומען, וועל איך מיך מיט דער כלה צוזאַמענקומען״.

הערענדיג דאָס דאָזיגע לידעל, האָט דער קאַליווער געזאָגט אַז דאָס איז נישט קיין געוויינליכער פראָסטער ניגון. ער האָט דאָס אָנגערופען: דער „השתוקקות ניגון״, און דערקלערט אַז דאָס מיינט אויסצודריקען די גרויסע בענקשאַפט און לעכצעניש פון די אידען נאָך דער שכינה. עס דאַרף געזונגען ווערען — האָט ער געזאָגט צו זיינע חסידים — אויף אַזאַ אופן:

גלות, גלות, ווי גרויס ביזטו!
שכינה, שכינה ווי ווייט ביזטו!
גלות, גלות, ווער אַוועקגענומען,
וועל איך מיך מיט דער שכינה צוזאַמענקומען.

(רבי ר׳ אייזיקל קאַליוער זצ״ל)

## משיחישע בענקשאַפט

ערב פסח בשעת׳ן באַקען די מצות האָט דער רבי ר׳ ישכר בער פון בעלז זצ״ל געזאָגט: איך בין אַ מאמין באמונה שלימה אַז משיח קען אפילו איצט קומען. איינער פון די מקורבים האָט אים געפרעגט: די גמרא זאָגט דאָך אַז משיח וועט נישט קומען נישט ערב שבת און נישט ערב יום טוב? דערויף האָט אים דער רבי געענטפערט מיט אַ שמייכעל: אַז משיח וועט איצט קומען וועט אליהו הנביא פאַרענטפערן אויך די קשיא...

(רבי ר׳ ישכר בער בעלזער זצ״ל)

## אמונת צדיקים אין ביאת המשיח

דער רבי ר׳ נפתלי ראָפּשיצער זצ״ל האָט געהערט פון רבי׳ן ר׳ מענדעלע רימאַנאָווער זצ״ל אַז ווער עס לעבט אין דער זעלבער צייט פון קאָזשעניצער מגיד זצ״ל און האָט נישט געהאַט די מעגליכקייט צו זען זיין הייליגע צורה, דער וועט אויך נישט זוכה זיין צו זען דאָס פנים פון משיח.

הערענדיג דאָס האָט דער ראָפּשיצער זצ״ל גענומען דאָס זעקעל אויף דער פּלייצע און דעם שטעקען אין דער האַנט און אַן אָטעם אַריינגעלאָפן קיין קאָזשעניץ, אַריין אין דעם צדיק׳ס חדר. מורא האָבענדיג טאָמער וועט ער ח״ו פאַרשפּעטיגען איין רגע און דערווייל קען אָנקומען משיח איידער ער באַוויזט צו זען דעם קאָזשעניצער מגיד זצ״ל

(רבי ר׳ נפתלי ראָפּשיצער זצ״ל)

## די גלוסטונג צום הייליגען לאַנד

דער רבי ר׳ יעקב יוסף פון פולנאה זצ״ל, דער בעל תולדות יעקב יוסף שרייבט: אפילו הוא דר בחוץ לארץ וחושב תמיד על ארץ ישראל וחושק אליה דומה כמו שאין לו אלוק׳, אבל באמת יש לו, כי מחשבתו תמיד לארץ ישראל — אפילו דער וואָס וואוינט אין חוץ לארץ און ער טראַכט שטענדיג וועגען ארץ ישראל און ער גלוסט צום הייליגען לאַנד, איז נאָר גלייך ווי ער וואָלט נישט געהאַט קיין ג־ט, אָבער באמת האָט ער יאָ אַ ג־ט, ווייל זיין מחשבה איז שטענדיג אין ארץ ישראל. „במקום המחשבה שם האדם״ — דאָרט וואו די מחשבה פון מענטש איז, דאָרט איז דער מענטש (בעש״ט).

(בן פורת יוסף)

## אַן גלגול מחילות

מיין זיידע הגאון הצדיק דער באַרנאָווער רבי ר׳ אברהם שמחה׳לע האָראָוויץ זצ״ל האָט געזאָגט: די תפלה „ותוליכנו קוממיות לארצנו״ האָט דאָך געזאָגט דער כהן גדול אין בית המקדש, פרעגט זיך: דער כהן גדול איז דאָך געווען אין ארץ ישראל? און צווייטענס וואָס איז די באַדייטונג פון דעם וואָרט „קוממיות״?

נאָר ווי די חז״ל זאָגען אונז האָבען יעקב און יוסף געבעטען מען זאָל זייערע ביינער אַריבערפירען קיין ארץ ישראל כדי נאָך תחיית המתים זאָלען זיי נישט דאַרפען דורכמאַכען קיין גלגול מחילות. איז מען דעריבער

מתפלל אַז יעדער איד זאָל קומען ביים לעבען קיין ארץ ישראל און עס זאָל זיין קוממיות, גלייך, אויסגעשטרעקט, נישט דאַרפענדיג דורכמאַכען קיין גלגול מחילות.

(רבי ר' אברהם שמחה באַרנאָווער זצ"ל)

## ארץ ישראל און שבת

פון מיין הייליגען זיידען, דעם סטיטשינער רבי, הגאון הצדיק ר' יצחק'ל האָראָוויץ זצ"ל האָב איך געהערט פאָלגענדען געדאַנק: די סופי תיבות פון די ווערטער זב'ת חל'ב ודב'ש זיינען „שבת". מען וועט אַנדערש נישט זוכה זיין צו ארץ זבת חלב ודבש, סיידען מען וועט אָפּהיטען די הייליגקייט פון שבת.

(רבי ר' יצחק'ל סטיטשינער זצ"ל)

## אַ וואָרט שפּיל

אין קלויז פון רבי'ן ר' יהושע'לע דזשיקאָווער זצ"ל איז אַמאָל פאָרגעקומען אַ וויכוח צווישען די חסידים וועגען ביאת המשיח. יעדער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגען דעם אופן וויאַזוי משיח וועט קומען.

דער רבי האָט זיך צוגעהערט צום שמועס און זיך אָנגערופען צו איינעם פון די שמועסער: דו ביזט טאַקע „גערעכט" אָבער משיח וועט קומען „אומגעריכטערהייט"...

(רב יר' יהושע'לע דזשיקאָווער זצ"ל)

## דער „נאָענטסטער" קרוב

דער רבונו של עולם איז מחויב אונז אידען אויסצולייזען פון גלות און אונז ברענגען קיין ארץ ישראל, ווייל דער דין איז: אויב מען פאַרקויפט עמיצען זיינען די קרובים וואָס זיינען צום מיינסטען נאָענט צום פאַרקויפטען אים מחויב אויסצולייזען, און ווער איז נאָך אַזאַ נאָענטער קרוב צום פאָלק ישראל ווי דער באַשעפער אַליין?...

(בשם צדיק אחד)

## אַז מען „פאַרלייגט" זיך

דעם פסוק „הארץ אשר אתה שוכב עליה לך אתננה" (פרשת ויצא) האָט דער קאָזשעניצער מגיד רבי ישראל'טשע זצ"ל אויסגעטייטשט אַזוי: דער רבונו של עולם האָט געזאָגט צו יעקב'ן: דאָס לאַנד ארץ ישראל אויף

וועלכען דו האָסט זיך אַזוי „פאַרלייגט" און דו מאַכסט אַלע אָנשטרענגונגען עס צו קריגען „לך אתננה" וועל איך עס דיר געבען.

(דער קאָזשעניצער מגיד זצ"ל)

## שכינתא בגלותא

דער רבי ר' ישראל'טשע ריזשינער זצ"ל האָט אַמאָל געהערט דעם משמש זיינעם — וועלכער איז געווען אַ פּראָסטער עם הארץ און נישט פאַרשטאַנען קיין פּירוש המלות — זאָגען תהלים מיט גרויס התלהבות, ווען ער איז געקומען צום פּסוק: „איך נשיר את שיר ד' על אדמת נכר"? האָט ער די ווערטער געזאָגט מיט אַ באַזונדערער באַטאָנונג און זיי אַזוי געזעצט: „איך נשיר את שיר"? — „ה' על אדמת נכר".

ווען דער ריזשינער זצ"ל האָט דאָס געהערט האָט ער געזאָגט: איצט האָב איך געהערט אַ פּירוש אויף אַ פּסוק פון תהלים, אין וועלכען עס ווערט געזאָגט אַז נישט נאָר מיר אַליין זיינען אין גלות, נאָרך אויך השם יתברך כביכול איז אין גלות, שכינתא בגלותא.

(רבי ר' ישראל'טשע ריזשינער זצ"ל)

## אַ זמר'ל וועגען וואַרטען אויף משיח'ן

אין די חסידישע הויפען פלעגט מען זינגען דאָס פאָלגענדע חסידישע זמר'ל:

דאָס זאָג איך אייך: מיר זאָלען זיך מער איינשפּאַרען,
וועלען מיר זיך אויף משיח'ן דערהאַרען.
טאַקע פאַרוואָס נישט?!
מען נויט אים מיט כח,
און מען אַרבעט מיט גרויס מוח,
זאָלען מיר נאָר מבטל זיין דעם יצר הרע, דעם שטן,
וועט איר זען, אַז די מלאכה וועט אונז געראָטען.

## דער וואָס ווייסט זאָגט נישט

מען האָט אַמאָל נאָכדערציילט פאַר דעם ריזשינער זצ"ל וועגען אַ געוויסען רבי'ן אַז ער האָט פאָראויסגעזאָגט די גענויע צייט ווען משיח וועט קומען. האָט דער ריזשינער דערויף זיך אָנגערופען: דער וואָס זאָגט איז אַ סימן אַז ער ווייסט נישט; און דער וואָס ווייסט דער זאָגט נישט...

(רבי ר' ישראל'טשע ריזשינער זצ"ל)

## אין משיח׳ם צייטען

די גמרא זאָגט אין סנהדרין (דף צ״ח) בעוקבתא דמשיחא חוצפא יסגא — איז דער טייטש אַז אין די משיחישע צייטען וועט זייער שווער זיין צו זיין אַ איד און זיך צו האַלטען אַזוי ווי די תורה האָט געבאָטען און מען וועט דאַרפען באַזיצען גרויס „חוצפה און „עזות דקדושה״ כדי זיך אַנטקעגענצושטעלען די אַלערליי שטערונגען און אבני נגף וואָס ליגען אויפ׳ן וועג.

(רבי ר׳ צדוק הכהן פון לובלין זצ״ל)

## די גרויסע משיחישע בענקשאַפט

דער ראָזוואַדאָוועד רבי ר׳ משה׳לע זצ״ל איז אַמאָל געזעסען ביים „צווייטען טיש״ און געשמועסט מיט די חסידים וועגען פאַרשיידענע הויכע ענינים. ווען עס איז געקומען צו רייד וועגען דעם ענין פון ביאת המשיח, וועגען די פאַרשיידענע זמנים וואָס די „מחשבי הקצים״ האָבען אָנגעדייטעט, האָט דער ראָזוואַדאָוועד רבי אַ זאָג געטאָן מיט גרויס התרגשות: גלויבט מיר, אַז ווען מיר וועלען אפילו האַלטען ביים יאָר תתקצ״ט פון אלף הששי, און עס וועט זיין דער לעצטער טאָג פון יאָהר, און מען וועט שוין אפילו האַלטען ביי בין השמשות פון לעצטען טאָג און משיח צדקנו וועט נאָך נישט האָבען געקומען, וועל איך מיך אַלץ נישט מייאש זיין און וואַרטען אויף זיין קומען...

(רבי ר׳ משה׳לע ראָזוואַדאָוועד זצ״ל)

## ספרים שמהם שאב המלקט:

אגרא דפרקא, אגרא דכלה — רבי ר׳ צבי אלימלך מדינוב
אוהל אלימלך — רבי ר׳ אלימלך מליזענסק
אוצר החיים — רבי ר׳ חיים הלברשטאם מצאנז
אור המאיר — רבי ר׳ זאב וואלף מזיטאמיר
אור ישרים — מאדמו״רי קוברין, לעכאוויטש וסלונים
אור לשמים — רבי ר׳ מאיר מאפט
אור פני משה — רבי ר׳ משה מפשעווארסק
אמונת ישראל — רבי ר׳ ישראל מגרודזיסק
אמרות טהורות — רבי ר׳ ברוך ממעזשיבוזש
אמרי נועם — רבי ר׳ מאיר מדזיקוב
בארות המים — רבי ר׳ צבי הירש הכהן מרימאנוב
בוצינא דנהורא — רבי ר׳ ברוך ממעזשיבוזש
בית אהרן — רבי ר׳ אהרן מקארלין
בן פורת יוסף — רבי ר׳ יעקב יוסף מפולנאה
בעל שם טוב — מהבעל שם טוב הקדוש
דברי אמת — רבי ר׳ יעקב יצחק הלוי הורוויץ, החוזה מלובלין
דברי מנחם — רבי ר׳ מנחם מענדל מרימאנוב
דברי יחזקאל — רבי ר׳ יחזקאל הלברשטאם משינובה
דברים ערבים — סיפורים על צדיקים
דור דעה — הרב ר׳ יקותיאל ארי׳ קאמעלהאר
דרכי חיים ושלום — רבי ר׳ חיים אלעזר שפירא ממונקאטש
החסידות — הרב ר׳ אהרן מארקוס
היום יום — רבי ר׳ מנחם מענדל מליבאוויטש
היכל הברכה — רבי ר׳ יצחק אייזיק מקאמארנא
זאת זכרון, זכרון זאת — רבי ר׳ יעקב יצחק הלוי הורוויץ, החוזה מלובלין
זכותא דאברהם — רבי ר׳ אברהם מפאריסוב
זר זהב — רבי ר׳ זאב וואלף מסטריקאוו
זרע קודש — רבי ר׳ נפתלי מראפשיץ
חסד לאברהם — רבי ר׳ אברהם המלאך מפרוהובישטש
חשבה לטובה — רבי ר׳ חנוך הענעך מאלכסנדר

ישמח ישראל — רבי ר׳ ירחמיאל ישראל יצחק דאנציגער מאלכסנדר
ישמח משה — רבי ר׳ משה טייטלבוים מאיהעל

כנסת ישראל — רבי ר׳ ישראל מרוזין

לקוטי מהר״ן — רבי ר׳ נחמן מבראסלאוו
לקוטי שיחות — רבי ר׳ מנחם מענדל מליובאוויטש

מאור ושמש — רבי ר׳ קלונימוס קלמן מניישטאט
מאיר עיני ישרים — הרב ר׳ מאיר שוואַרצמאַן
מאמרים טהורים — רבי ר׳ משה מקאברין
מדרש פנחס — רבי ר׳ פנחס מקאריץ
מנחם ציון — רבי ר׳ מנחם מענדל מרימאנוב

נועם אלימלך — רבי ר׳ אלימלך מליזענסק
נוצר חסד — רבי ר׳ יצחק אייזיק מקאמארנא
נפלאות חדשות — סיפורים מאדמו״רי קאצק, פשיסכא, גער

סיפורי צדיקים — הרב ר׳ שלמה יוסף זעווין

עבודת ישראל — רבי ר׳ ישראל המגיד מקאָזניטץ
עטרת צבי — רבי ר׳ צבי הירש מזידיטשויב
עשר צחצחות — הרב ר׳ ישראל בערגער

פנינים יקרים — הרב ר׳ שמעון אלטר ניימאן
פרי צדיק — הרב ר׳ צדוק הכהן מלובלין

צפנת פענח — רבי ר׳ יעקב יוסף מפולנאה
צרור החיים — הרב ר׳ חיים ליברזון

קדושת לוי — רבי ר׳ לוי יצחק מבארדיטשוב
קול שמחה — הרב ר׳ אהרן וואלדען

רשפי אש — רבי ר׳ מרדכי מנעסכיז
שבחי כהן — רבי ר׳ שלמה חנוך מראדומסק
שיח שרפי קודש — הרב יועץ קים קדיש מפריסטיק
שפת אמת — רבי ר׳ יהודה ליב מגער

תולדות יעקב יוסף — רבי ר׳ יעקב יוסף המוכיח מפולנאה
תורת שמחה — הרב ישראל בערגער
תפארת יוסף — רבי ר׳ מרדכי יוסף אלעזר מראדזין

## וואָס שרייבער און קריטיקער זאָגען וועגען „ארץ ישראל אוצר״:

„עס איז אַ שפּאַציר איבער דורות. אין די אַלע קוואַלען האָט זיך דער מחבר אַראָפּגעלאָזט גאַנץ טיף און אַרויסגעפישט פון דאָרט די טייערסטע פּערל פון אידישער מחשבה און פאַנטאַזיע און דאָס אַלץ איבערגעגעבען אין דעם פיינסטען סטיל״.

(חיים ליבערמאַן—פאָרווערטס)

„דער מאַטעריאַל וואָס הרב נפתלי האַראָוויץ האָט מיט אַזויפיל פלייס צונויפגעזאַמעלט איז אַ שטיק „ודע מה שתשיב״. גיט דעם ספר אונזערע גלותיסטען מכל המינים! זיי וועלען האָבען עגמת נפש, אָבער אפשר וועלען זיי עפּעס לערנען. איך וואָלט געקענט ציטירען און ציטירען. כמעט אויף יעדען זייטעל ווערט דאָ דירעקט און נישט דירעקט אָפּגעפרעגט עפּעס אַ טענה, אַ בלינדע פאַר׳עקשנ׳טע טענה, וואָס איז אַזוי אַלט ווי דער גלות און ווערט תמיד באַנייט״.

(אהרן צייטלין—מאָרגען־זשורנאַל)

„פון דער אַנטאָלאָגיע פון הרב נפתלי האַראָוויץ וואָלט מען געדאַרפט האַלטען אין איין ציטירען, אָבער דאָס וואָלט פשוט געווען אַ געשעפּטליכע עוולה, וועל איך דערפאַר ברענגען בלויז עטליכע מוסטערן״.

(יעקב גלאַטשטיין— אידישער קעמפער)

„הרב נפתלי האַראָוויץ, אַליין אַ שטאַמלינג פון די גרעסטע רב׳יאיש־חסידישע גזע׳ס, האָט אין זיין „ארץ ישראל אוצר״ צונויפגעזאַמעלט אַ שלל אומבאַקאַנטע טיפזיניגע חסידישע ווערטער און באַלייכטונגען און אויך אַ סך דרוש געדאַנקען אָהן וועלכע אַ רב אָדער אידישער עסקן קאָן זיך נישט באַגיין״.

(הרב ב. זהבי—דאָס אידישע וואָרט)

„ארץ ישראל איז אין צענטער פון אידישער געשיכטע, אידישער אמונה און איצט — פון אידישען לעבען, און דער „ארץ ישראל אוצר״ פון הרב נפתלי האַראָוויץ איז פול מיט גייסטרייכע געדאַנקען אויף די דאָזיגע דריי וויכטיגע געביטען״.

(ד״ר ה. ל. גאָרדאָן—מאָרגען־זשורנאַל)

„הרב נפתלי האַראָוויץ, איינער פון אונזערע אינטעליגענטערע יונגערע רבנים און טאַלאַנטירטער שריפטשטעלער, האָט אויפגעטאָן אַ זייער גוטע זאַך מיט זיין בוך „פון ארץ ישראל אוצר". עס איז אַ ספר וואָס פילט אויס אַ בלויז אין אונזער ליטעראַטור, אַ ספר וואָס דאַרף זיין און וועט זיין אַ האַנט־בוך וועגן אַלץ וואָס איז נוגע דער באַציאונג פון עם ישראל צו ארץ ישראל. עס פאָדערט זיך אַ סך וויסען, למדנות און געדולד צונויפצושטעלען אַזאַ זאַמלונג, ווי אויך גוטער געשמאַק, אויסצוקלייבען דאָס פּאַסיגע, דאָס כאַראַקטעריסטישע אין דעם גרויסען ים פון אונזער רעליגיעזער ליטעראַטור און פאָלקלאָר — און הרב נפתלי האַראָוויץ האָט באַוויזען אַז ער באַזיצט די אַלע מעלות. ער האָט אויך געוואוסט וואָס נישט אַריינצונעמען אין זיין זאַמלונג".

(א. אלמי—דאָס אידישע פאָלק)

„טייטש נאָך טייטש און וואָרט נאָך וואָרט וויקעלט דער מחבר פונאַנדער די דורות׳דיגע תשוקה פון דעם פרומען אידען צו ארץ ישראל. די שפּראַך פון הרב האַראָוויץ איז זייער לייכט, און אפילו דער לומדישער איד, וואָס איז באַהאַוועגט אין אַ סך ענינים, וועט זיך דאָ אָנזעטיגען מיט אַ סך אומבאַקאַנטע שאַרפע טייטשען און מאמרים אויף דער ארץ ישראל טעמא".
(הרב ניסן גאָרדאָן—טאָג)

„די זאַמלונג פון הרב נ. האַראָוויץ האָט אין זיך די גרויסע מעלה וואָס די אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען וועגן ארץ ישראל ווערען איבערגעגעבען קורץ און שאַרף אין אַ שיינער שפּראַך, וואָס קען גלייך גענוצט ווערען דורך דרשנים און רעדנער".

(הרב א. פּעטשעניק—דער מזרחי וועג)

„הרבה פנינים יקרות מכל יקר נמצאות בספר זה. דברי חזיון וחכמה מגאוני קדמאי עד ימינו אלו. ואפריון נמטייה להרב הורוויץ, על שאספם בחבה ובטוב טעם".

(י. ל. וואַהלמאַן—הדואר)

„פון ארץ ישראל אוצר פון הרב נפתלי האַראָוויץ איז אַ גאָר אינטערעסאַנטע זאַמלונג פון באַמערקונגען, קורצע און לענגערע. איר געפינט דאָרטען גאָר באַלערנדע געדאַנקען אַרויסגעזאָגט פון גאָר אַמאָליגע מענטשען".
(ב. צ. גאָלדבערג—טאָג־מאָרגען־זשורנאַל)